גרויסע ביבליאָטעק.

# יידישע פאָלקסלידער

געזאַמעלט, דערקלערט און אַרויסגעגעבען

פון

נח פּרילוצקי.

ערשטער באַנד

רעליגיעזישע און יום־טובֿדיקע

ערשטע סעריע.

פערלאַג „ביכער פאַר אַלע", וואַרשא.

תרע"ד.

# ЕВРЕЙСКІЯ НАРОДНЫЯ ПѢСНИ

собранныя и изданныя подъ редакціей
Н. ПРИЛУЦКАГО.

изданіе „БИХЕРЪ-ФАРЪ-АЛЕ".

Въ типографіи М. Кринскаго, Варшава, налевки 38.

1914

# פֿאָרוואָרט.

איך פֿאַרנעם זיך מיט אינזער פֿאָלקלאָר פֿון 1900־טן יאָר, ווען כ'האָב אָנגעהויבן צו זאַמלען יידישע שפּריכווערטער, רעדענסאַרטן, גלייכווערטלעך, רעטעניִשן, אָפּשפּרעכעניִשן.

פֿאָלקסלידער קלייב איך ערשט פֿון פֿעברואַר 1910, און בא היינטיקן טאָג פֿאַרמאָג איך שוין אַ'אוצר פֿון צוויי טויזענט נומערן.

אין אַזאַ קורצער צייט האָבן אַזאַ גרויסע פּעולה איז, פֿאַרשטייט זיך, מעגלעך געווען נאָר אַ דאַנק דעם אונגעהייערן עשירות פֿון דער יידישער פֿאָלקסמאַסע.

מיט 50 יאָר צוריק איז מען געווען אין ספק, צי איז בכלל פֿאַראַן בא אונז וועלטלעכע פֿאָלקסלידער. איך דערלויב מיר, על פּי נסיון, איבערדרייען די שאלה, — איך פֿרעג: צי האָט נאָך וואָסער ניט איז נאַציע אף דער וועלט אַזאַ סך מיט פֿאָלקסלידער, ווי די יידישע?

„אַ ליד ווערט געמאַכט, ווען די נשמה צאַפּלט", — האָט זיך אויסגעדריקט אַמאָל גאָגאָל.

און בא וועמען צאַפּלט נאָך די נשמה אַזוי אָפֿט, ווי בא'ם ייד? ווער איז נאָך אַזוי לעבעדיג, נערוועזיש, אימפּעטלעך, עקסצענטריש? ווער נאָך פֿילט אַזוי פֿיל, ווי דער ייד, וואָס פּחד און דערשטיקונג, ביטערקייט און פֿרייד, מרה־שחורה און אָפּטימיזם שפּילן שטענדיג אין זיין האַרץ, ווי זון מיט רעגן אף אַ וואָלקנדיקן ווינטער טימעל?

ביידע זיך מאַכט די יידישע נאָט אין לידער!

איך זאָג אף זיכער, אַז מ'קען זיי צײלן אין די צענער טויזענטער.

אים אי עס: ניט אַרויס מיט אַנ'עמער און שעפּ.

איין שטעטעלע אין וואַרשעווער גובערניע — סאָכאַטשעוו — האָט מיר געגעבן כמעט אַ העלפֿט פֿון מיין קאָלעקציע.

אימליכם ליד האט צענדליגער און הונדערטער נוסחאות,
אין וואַרשא זינגען די קינדער:

עלי, מעלי, יאַסטי, —
אַ שוואַרצע כלה האַסטי,
רויטע שיכלאך נייטס׳ !,
אַפ׳ן בעמאלי שטייטס׳ !... א ד מ׳

און אין סלאָוואַקיש (וואָלין) קלינגט דאָסועלביקע לידעלע:

עלע, מעלע, טאַטעל, —
חצרף מאַ געלט אין באַטעל!
— האָם עסטי מין מיט׳ן געלט?
— עך׳ל קויפען אַ פערדאלי!"...

א. ז. ח.

וואוהין דער ייד קומט נישט, און וואָסער סביבה ער לעבט נישט, אף וואָסער שפראַך ער רעדט נישט, ווי ער פילט זיך נישט, האָם ער טוט נישט, — איבעראַל און תמיד זינגט ער.

אין די „מיטטיילונגען דער געזעלשאַפט פיר יידישע פאָלקס-קונדע" [1]) געפינען מיר אַ יידיש פאָלקסליד אין דער איטאַליע-נישער שפראַך [2]):

A.

Bon di gnora Sorpizie
Par i me negri gnavono'd son vignuda una gran tristizia,
Per causa de quella maledetta Guja;
Non me nimpass mai za con quella Mamzerta.
L'ho mandada dalla gnova Rivca
A dir che stassera andaro in la;
E consi in quella via
L'ho mandada da gnova zia
A far la visita d la graverdanza
L'ho mandada da gnora Speranza
Pust esser accopada [3])
E' andada andora men l'ho mandada.
E' andada da gnor Bassan,
Le, quel che sta in sul Tissan,
Che lei sa che é piu d'un ann
Che semo in collera per quel malann.

B.

Malan par i Guiim
Che nun fassa sti Diburim

1) VIII, 156. — 2) אַ שטיקעס צווישען צוויי חייבער חענגען פו׳אַנטבי־ האַרלוואַטער דינגסטמייד. 3) ערער: Masalada sia lei.



Afilu Dibur assur.
Che nun fassa de sti augur
Che el lassi per malan,
Che el toga per bon siman,
Che fassa a mod de mé,
Che' nun diga gneint a so maré,
Che ghe vaga, che ja tollera,
E che manda in malora la collera
E quand ja 'l ved brut
Me ghe vá al cot e alcrud;
Che quando el se arabizze,
Presto el se istizzisse.

אין 14-טען העפט פון דעמזעלביקען אָרגאַן [1]) איז אָפּגעדרוקט, חידער, אַ יידיש קינדערליד נאָך פון 18-טען יאָרהונדערט אין דער סלאָוואַקישער שפראַך:

Služka moja, služka moja, [2])
Rože svićky! [3])
Narodi se [4]) talmid chochom
Tuto noci [5]).

Kdo to bude, [6]) kdo to bude
Za babienku? [7])
Sore, Riwke, Rochel, Leoh
Za babienku.

Kdo to bude, kdo to bude
Za obrecu? [8])
Awrom owinu mit seinen mal'ochim
Za obrecu.

און פון וואָס זינגט דער ייד נישט!

פון גאָט און פון דער וועלט, פון משיח׳ן און פון אליהו הנביא, פון לעבען און פון טויט, פון גוטס און פון שלעכטס, פון שבת און פון יום-טוב, פון גליק און פון אומגליק, פון ליבע און פון צעשיידונג, פון מאַן-און-ווייב, פון טאַטי-מאַמי, פון ברידער-שוועסטער, פון נויט, פון דלות...

די נשמה פון יידישען פאָלק ווער ס׳וויל דערקענען, די אונ-מיטעלבאַרע שטים פון יידישען לעבען ווער ס׳וויל הערען, דעם ציטער פון די אינטימסטע סטרונעס אין יידישען הארץ ווער ס׳וויל

1) ז׳ 91. — 2) מיידעל מיין. — 3) שטעל אריין ליכט. — 4) ס׳וועט געבוירען ווערען. — 5) נאָך די נאַכט. — 6) ווער וועט זיין? — 7) פאַר סנדקאַ-טאַם. — 8) דער מוהל. —

אָפּנעמען, — אין תּהום פון אונזערע פאָלקסלידער דער זאָל מיט׳ן קאָפּ זיך אונטערטיקען.

די גאַנצע יידישע אינערליכקייט — די וועלטאַנשויונגען, אידעאַלען, געדאַנקען, געפילען; דער גאַנצער שניט פון דער יידישער גאַס — די לעבענסבעציונגען, די לעבענסאַרט, דער לעבענסגאַנג, — אַלץ שפּיגעלט זיך אָפּ אין אונזער פאָלקסליד, מיט דער גרעסטער אַלזייטיגקייט, גענויִיגקייט און טיפקייט.

א דייטליכע חתימה פון אונזער היסטאָרישען גורל ליגט דערביי אַף די טעמעס, מאָטיוען און שפּראַך, — איבערהויפּט אַף דער לעצטער, פון די יידישע פאָלקסלידער, ווען מיר בעטראַכטען זיי אַלע צוזאַמען, איינס לעבען אַנדערען.

ווייניג געפינט זיך בא אונז ריין־היסטאָרישע לידער, אָבער אַן׳אָפּמערקזאַם אויער מוז אָפּחאַפּען אין גאַנצען יידישען לידער־שאַץ זייער דייטליכע, סוביעקטיווע און אָביעקטיווע, אָפּקלאַנגען פון אונזער געשיכטליכען קאַליידאָסקאָפּ, פון אונזער אומענדליכע וואַנדערונגען און טלטולים.

---

אין דעמדאָזיגען באַנד האָב איך אָפּגעקליבען די רעליגיעזע און יום־טוב׳דיקע לידער.

אייגענטליך, איז דאָס איין גרופּע, ווייל אין אמת׳ן איז שווער דורכצופירען אַ שאַרפע גרעניץ צווישען די ערשטע און די צווייטע: די רעליגיעזע ווערען מערסטענטייל געזונגען אין אַ פרייע מינוט, ד. ה. שבת און יום־טוב; די בולט־יום־טוב׳דיקע, ווידער, אויסער אַ קליינע קאַטעגאָריע לוסטיגע, לייכטע פּורים־געזאַנגען, טראָגען אַן׳אויסדריקליכע רעליגיעזע פאַרפאַרבונג.

די דערמאָנטע גרופּע איז בעזונדערס אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ פרוכט פון אָריגינעלער יידישער פאָלקסשאַפונג. די איבעריקע אָפּטיילונגען זענען שוין נישט אַזוי זעלבסשטענדיג: פאַראַן דאָרט אַ סך מאָטיווען, וואָס מיר האָבען זיי איבערגענומען בא אַנדערע פעלקער.

אין די רעליגיעזע און יום־טוב׳דיקע יידישע לידער קען דער פאָרשער פון אונזער פאָלקספּסיכאָלאָגיע געפינען זייער פיל וויכטיגען, כאַראַקטעריסטישען מאַטעריאַל.



איר געדענקט אודאי די תּפלה:

„אין כאלהינו, אין כאדונינו, אין כמלכנו, אין כמושיענו. — מי כאלהינו? מי כאדונינו? מי כמלכנו? מי כמושיענו? — נודה לאלהינו, נודה לאדונינו, נודה למלכנו, נודה למושיענו״... און ז. וו. און ז. וו.

פון דעמדאָזיגען, ביז זעלבסטפאַרגעסונג ליידענשאַפטליכען לויבגעזאַנג איז געוואָרען אַ מעכטיג־ליכטיג, שוויטיג־חדוה׳דיק פאָלקסליד:

ס׳איז נישטאָ קיין זאַ גאָט,
ווי אונזער גאָט:
אין כאלוהינו!
עס איז נישטא קיין זאַ מלך,
ווי אונזער מלך:
אין כאדוני ו!
און ז. וו.

אַ גלאַנצענדיק אָפּלייקעניש פון דעם פאַרשפּרייטען פאָראורטייל, אַז דעם יידס דאַווענען איז תּמיד מעכאַניש, אַז ער פאַרשטייט קיינמאָל נישט די ווערטער פון דער תּפלה, וועלכע ער גרעגערט פּשוט אָפּ, ווי אַן׳אַנגעדרייט שפּילקעסטעל.

נישט בא איין יידען, ווירקליך, איז די עבודה בלויז אַ צונגע־ווייטקייט, אָפּטמאָל זאָגאַר אַ טויטער עול, — אָבער דער אמת־פרומער, דער אינניגסט־רעליגיעזער ייד פילט טיף איטליכס וואָרט פון די פּיעטישע אָרעס; איטליכס אות איז פאַר אים פול מיט מתיקות, — „צוקערזיס״ — ער נעמט עס אַדורך ביז׳ן גרונט, ביז׳ן אונטערבאַרסטען אָפּקלאַנג, ביז׳ן פאַרבאָרגענסטען שאָטען.

אין מינוטען פון גרויסען התלהבות ווערען די בעקאַנטע אויסדריקען פון דער ליבער תּפלה שוין צו ענג. ס׳ווילט זיך זיי נאָך מער פאַרברייטערן. טייטשט מען אויס די לשון־קודש׳דיקע פּסוקים אין דער לעבעדיקער שפּראַך, אין לשון פון אינמיטעלבאַרען לעבען.

„ישמח משה במתנת חלקו!״ — שטייט אין סידור, און די לאָקאַנישע פאָרמעל ווערט אין מויל פון פאָלק איבערדיכטעט:

ישמח משה במתנת חלקו!
ישמח משה במתנת חלקו!
און וואָס איז ער געווען?
כי עבד נאמן קראת לו!

און ז. וו.

מ'פֿאַרשכּור'ט זיך אַליין מיט'ן גאָס פֿון איינער צום אַנדערן, ענליכע אויסדריקען, מיט'ן לאַנגען קייטעל פֿון זיך איבערחזר'נ'דיקע איינטאָניקע רינגען.

הויך-בּעוואוסטזיניק און אינטענסיוו-עקזאַלטירט איז דאָס יידישע רעליגיעזישע געפֿיל, אויב עס האָט געקאָנט אַרויסרופֿען די אַנטשטייונג פֿון הונדערטער אַזעלכע דערהויבען-בּעגייסטערטע, און-ענדליך-בּעהאַרצטע, ווי קרישטאַל לויטערע, ווי בשמים פֿעשמעקטע פֿאָלקסלידער.

ווער איז נאָך אַזאַ גאָט,
ווי אונזער גאָט?
מי כאלהינו?

אום שמחת-תורה זינגט מען דאָס מערסטענטייל.
דערביי ווערט געטאַנצט.
און ווי געטאַנצט!

מיט די הענט און מיט די פֿיס. דער קאָפּ, די אויגען, די ליפּען, איטליכער מוסקול בּאַוועגט זיך, איטליכם אָדער צאַפּעלט צום טאַקט, איינזאַפּענדיק דעם הייליקען אינהאַלט פֿון די ווערטער, בּאַשאַפֿענדיק אין גאַנצען אָרגאַניזם די זעליגע שטימונג, וואָס בּאַהעפֿט דעם מענש מיט דער גאָטהייט.

ווען די אַנטציקונג, דאָס דבקות שטייגען גאָר, זענען די גרענעצען פֿון איין שפּראַך אויך שוין צו שמאָל.

דאָס רוב מאַקאַראָנישע, ד. ה. עטליכשפּראַכיקע פֿאָלקס-לידער געהערען, דעריבּער, צו די רעליגיעזישע און יום-טוב'דיקע.

שיינע רויזן שמעקן ווינדער, —
דאָס מיינט מען יעקב'ס קינדער:
זיי זענען גישטאַנען, זיי האָבּן גיזעהן,
ווי אינזן איז נסים גישעהן.

אַזוי זינגט זיך דער ייד צו דער פּורים-סעודה, און טאַקע בּאַלד חזר'ט-איבּער דאָסזעלבּיקע אַף פּויליש:

פּיענקני רוזשע — יאַקובּאַ דזשעצי:
יך זאַפּאַך דאַלעקאָ לעצי, —
ווישיסטקי סטאַלי — י פּאַטשעלי,
יאַק האַמאַנאַ פּאָוויאַשילי. —

אין דער אויסטערלישער איבערזעצונג קלינגט עס פֿאַר'ן צע-



וואַרעמטען יונגער גאָר ווי עפּעס פֿרישס, האָט פֿאַר אים אַ שפּאָגעל-נייעם טעם.

איינע אַזעלכע פֿאַרשידענשפּראַכיקע פֿאָלקסלידער זענען דורכדרונגען מיט דער העכסטער, מיט דער איידעלסטער פּאָעזיע.

איך קען זיך גאָר נישט אָפּהערען צו קוויקען, למשל, מיט דער פֿאָלגענדיקער אָדע, וועלכע איך ברענג אין ריין-יידישען נוסח:

בין איך מיר גינאַנגען אין טיפֿען וואַלד,
אין טיפֿען וואַלד, —
האָב איך גיהערט אַ פֿייגעלע אין וואַלד,
אַ פֿייגעלע אין וואַלד.
דאָס פֿייגעלע האָט גיזונגען: ראָ, ראָ, ראָ, —
ראָ, ראָ, ראָ:
אדיר איום ונורא!
בין איך מיר גינאַנגען אין טיפֿען וואַלד,
אין טיפֿען וואַלד, —
האָב איך גיהערט אַ פֿייגעלע אין וואַלד,
אַ פֿייגעלע אין וואַלד.
דאָס פֿייגעלע האָט גיזונגען: לי, לי, לי —
לי לי, לי:
גדור פרצת היכלי! [1])

דאָס איז, דאַכט זיך, די שענסטע פּערל אין רייכען שניר'על פֿון אונזערע פֿאָלקסלידער!

---

אַסך לידער אין דעמדאָזיגען בּאַנד, איבּערהויפּט פֿון די אין פּוילען געזאַמעלטע, זענען פֿאַרשריבּען און אָפּגעדריקט מיט דער אָרטיקער אויסשפּראַך.

פֿאָלקלאָר איז פֿון לאַנג אַ וויסענשאַפֿט גלייך מיט אַנדערע. אַ ליטעראַטור פֿאַרמאָגט זי אין אַלע אייראָפּעישע שפּראַכען אַזעלכע, וואָס קען אויספֿילען אַ ביבּליאָטעק מיט עטליכע הונדערטטויזענט בּענדער. אין אויסלאַנד טראָגט מען זיך פֿון

---

[1]) פֿערדער וואַריאַנט פֿון נומער 4 (פֿאַרשריבּען פֿון ב. ז. זעגעל אין מז:ה-גאַליציען)

עטליכע יאָר אַרום אַפילו מיט'ן געדאַנק וועגען אַ פאָלקלאָריסטישער אַקאַדעמיע, וואָס וועט, מסתמא, אין דער נאָהענטער צוקונפט טאַקי געגרינדעט ווערען.

ווי איטליכע וויסענשאַפט, האָט שוין דער פאָלקלאָר זיינע אַקסיאָמען, וואָס נויטיגען זיך נישט אין ראיות. איינער פון די דאָזיגע עלעמענטאַרישע אמת'ן איז דער כּלל, אַז אַלע ווערק פון דער פאָלקסשאַפונג, — פון אַ גרויסער מעשה ביז אַ קורץ רעטעניש, — דאַרפען פאַרצייכענט ווערען אַזוי, ווי זיי קלינגען אין מויל פון מענש, פון וועלכען זיי זענען אָפּגענומען.

די מאַטעריאַלען פון פאָלקסלעבען זענען, פאַר דעם פאָלקלאָריסט דערעיקר־שט וויכטיג דערמיט, וואָס זיי גיבען אַ שליסעל צו דער פאָלקספּסיכיק, — און פאַר איר כאַראַקטעריסטיק איז אינטערעסאַנט ניט בלויז דער אינהאַלט, נאָר אויך די שפּראַך פון דער פאָלקסשאַפונג, — ספּעציעל די אויסשפּראַך, וואָס איז אַ קאָמפּליצירטער פּראָדוקט פון די פאַרשידענסטע פאַרהעלטענישען, — געאָגראַפישע, אַנטראָפּאָלאָגישע, קולטורעלישע...

די שפּראַכליכע זייט פאַרבינדט דעם פאָלקלאָר, אַלס וויסענשאַפט, מיט דער פילאָלאָגיע.

איטליכער לשון צעפאַלט זיך אַף עטליכע גרעסערע דיאַלעקטען [1], אַזוי גערופענע מונדאַרטען [2], וואָס יעדע פון זיי טיילט זיך, ווידער, פאַנאַנדער אין אונטערמונדאַרטען [3]. אַ'אונטערמונדאַרט, ווייטער, האָט, געוויינטליך, אין זיך אייניגע רעדענסאַרטען [4], וואָס אין יעדער פון זיי קען מען פונאַנדערשיידען אַ פּאָר אונטעררעדענסאַרטען [5], און ז. וו., און ז. וו. — סוף כּל סוף קומט אויס, אַז איטליכס דאָרף רעדט אַנדערש.

דער אויפגאַב פון דער שפּראַכוויסענשאַפט איז — די גאַנצע פאַרשידענאַרטיגקייט, אַרומצונעמען און רעגיסטרירען. די אַרבייט איז טאַקי אַ גראַנדיעזישע, — אָבער שרעקט זיך דאָך נישט דער נאַטורפאָרשער פאַר דער אונגעהייערער, כּמעט אונצעליגער מענגע מינים, אונטערמינים און אונטעראונטערמינים אין דער זאָאָלאָגישער, באָטאַנישער, מינעראַלאָגישער וועלט!

[1] למשל, רוסיש — אַף גרויסרוסיש, ווייסרוסיש, קליינרוסיש.
[2] нарѣчія. — [3] поднарѣчія. — [4] говоры. — [5] подговоры.



די דייטשישע שפּראַך איז באַזונדערס רייך אין גרויסע און קליינע דיאַלעקטען, מונדאַרטען, רעדענסאַרטען, מער אָדער ווייניגער נאָהענטע אָדער ווייטע צווישען זיך. און דערדאָזיגער ים איז בּאַ היינטיקען טאָג שוין אויסגעצייכענט בעלויכטען און אויסגעפאָרשט.

אין פיל דייטשישע שולען פירט מען יעצט איין תּרעסטאָמאַטיעס מיט מוסטערן פון אַלע לשונות און אונטערלשונות, וואָס אַף זיי רעדט די דייטשישע נאַציע.

דאָרט האַלט מען, אַז אַן'אינטעליגענט בעדאַרף קענען זיין מוטערשפּראַך מיט אַלע אירע אינווייניגסטע אָפּצווייגונגען. און וואָסער ווינקעל פון פאָטערלאַנד ער זאָל נישט קומען, מוז ער אימשטאַנד זיין זיך צו פאַרשטענדיגען מיט זיינע ברידער. שוין נישט רעדענדיק פון דעם, אַז די מונדאַרטען און רעדענסאַרטען זענען די קוואַלען, וואָס פון זיי ציט איר יניקה די ליטעראַרישע שפּראַך: — וואָס נאָהענטער מ'שטייט צו זיי, אַלץ אַ בעסערע, פרישערע דערנייערונג דערהאַלט די לעצטע; וואָס מער יסודות פון די אָרטיקע דיאַלעקטען עס ווערען אַסימילירט אין אינטעליגענטישען לשון, דאָס רייכער און שענער ווערט ער.

אָבער נאָר דער פאָלקלאָריסט עפענט פאַר דער פילאָלאָגיע דעם וועג צו די אוצרות פון דער פאָלקסשפּראַך. זאַמלענדיק די לידער, מעשה'לעך שפּריכווערטער, איז ער מחויב אינאיינוועגס אויך די שפּראַכפאָרשער פאַרזאָרגען מיט די טייערע מאַטעריאַלען. קלויבען פילאָלאָגישען מאַטעריאַל אונאָפּהענגיק פון דער פאָלקסשאַפונגסליטעראַטור איז כּמעט אונמעגליך.

די יידישע פילאָלאָגיע ליגט נאָך אין די וויקעלעך, אָבער דאָס באַפרייט נישט אונז, יידישע פאָלקלאָריסטען, פון דער פליכט זיך צו רעכענען מיט אירע מעגליכע באַדערפענישען. סוף כּל סוף וועט זי אויסוואַקסען און זיך אַנטוויקלען, זאָל זי דאַן האָבען, מיט וואָס און איבער וואָס צו אַרבייטען.

ווער פון אונז ווייסט נישט, אַז יידיש טיילט זיך, גראָב גענומען, אין דריי הויפּטמונדאַרטען: ליטווישע, פּוילישע, דרום־רוסלענדישע. פרעגט, אָבער, בּאַ אַ יידישען אינטעליגענט, צי וועט ער אייך גיבען אַ גענויערע באַשרייבונג פון יעדער באַזונדער!... אַ רוסישער ייד וועט אייך דערציילען, אַז אין וואַרשאַ זאָגט מען:

„יאַך“, „סאַרגע“ און „באַיגעל“, אָבער עפּעס טיפערס וועט איר בײַ אונז מכח דער יידישער פילאָלאָגיע נישט הערען... נישט אײביק וועט, אָבער, אַזוי בלײַבען!

אונזערע דרײַ מונדאַרטען בילדען אײן לשון, אָבער אָן און פאַר זיך שטעלט איטליכע פאַר כמעט אַ זעלבסטשטענדיקען, אײַנגעאָרטיקען, אין זיך געשלאָסענעם שפּראַכליכען אָרגאַניזם, — מיט אַ באַזונדער עטימאָלאָגיע און ווערטערבוך.

דערדאָזיגער באַנד — אין זײַן אויסלעגעניץ, ווי אויך אין די דערקלערונגען און אָנמערקונגען, גיט אַ סך מאַטעריאַל פאַר דער לעקסישער און גראַמאַטיקאַלישער כאַראַקטעריסטיק פון יידישען דיאַלעקט אין פּוילען.

---

אונטער איטליכען ליד איז באַצײכענט די געגענד, וואָס דאָרט איז עס פאַרשריבען, און דער נאָמען פון דעם מענש, וואָס פון אים איז עס גענומען, אָדער — זעלטענער, — וואָס ער האָט עס צוגעשטעלט.

וואו נייטיג און מעגליך, זענען צוגעגעבען אָנמערקונגען און דערקלערונגען מכח דער אָפּשטאַמונג, דער עלטער, דעם אינהאַלט פון ליד, מכח אײנצעלנע אויסדריקען און ווערטער, ווי אויך נאָטיצען וועגען פאַרשידענע פּרטים, וואָס האָבען אַ שייכות צו דער רעפאָרם פון דער איצטיקער יידישער אָרטאָגראַפיע.

---

באַם זאַמלען די לידער, וואָס קומען־אַרײַן אין דעמדאָזיגען באַנד, זענען מיר בײַהילפיק געווען די פאָלגענדיקע פּערזאָנען:

אין וואַרשאַ: מרים חמעלניצקי, א. ח. שעפּס, י. פּעהלע;

אין סאָכאַטשעוו: פּנחס גראַובאַרד, פּסח וואָלראַט, וואָלף ראָזענבערג;

אין סלאַוואוטע: יעקב סקאָליעצקי;

אין פּולטוסק: דער חסיד;

אין ראַדאָם: יוסף ראָזענפעלד;

אין שידלעץ: יעקב פּישמאַן.



דערהויפּט האָבען זיך אויסגעצײכענט מיט זייער איבערגעבענקייט צו דער זאַך, ענערגיע און אונערמידליכקייט: פּנחס גראַובאַרד, מ. חמעלניצקי, יוסף ראָזענפעלד און א. ח. שעפּס.

די אַלע פּערזאָנען האַלט איך פאַר מײַן חוב עפענטליך אויסצודריקען דעם האַרציקסטען דאַנק.

אַף דעם אָרט מוז דערמאָנט ווערען אויך ה' בנימין זאב זעגעל, וואָס האָט מיר אײַנגעשיקט אַ זאַמלינג פון איבער הונדערט פאָלקסלידער, אין מזרח־גאַליציען פאַרשריבענע.

דאָס איז אײנער פון די ערשטע, דערפאַרענסטע און הײַסטע יידישע פאָלקלאָריסטען. נישטאָ קײן פּוילישער אָדער דײַטשישער אָרגאַן פאַר פאָלקלאָר, וואו איר זאָלט נישט געפינען זײַנע אַרטיקלען וועגען אונזער פאָלקסשאַפונג און וועגען אינעווייניגסטען לעבען פון די יידישע פאָלקסמאַסען.

לײדער, האָבען אים אויסערליכע מניעות נישט געגעבען די מעגליכקייט צו אַנטוויקלען אַ ברייטע טעטיגקייט אַף אונזער מוטערשפּראַך.

---

איבעראַל, וואו מ'בעגעגענט: „מיטטיילונגען“, „מיטטייל.“, „מיטט.“, „מיט.“, — בעדאַרף מען לייענען: „מיטטיילונגען דער געזעללשאַפט פיר יידישע פאָלקסקונדע... הערויסגעגעבען פאָן מ. גרינוואַלד... האַמבורג“. — דערדאָזיגער ערשטער אָרגאַן פאַר יידישען פאָלקלאָר איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1898. — אַף יידיש האָבען מיר נאָך נישט אַזאַ אויסגאַב...

וואו ס'ווערט דערמאָנט: „באַ ג.־ם.“ — ווערט געמיינט: „יידישע פאָלקסלידער, אין רוסלאַנד געזאַמעלט און אַרויסגעגעבען אונטער רעדאַקציע און מיט פאָרוואָרט פון ש. גינזבורג און פּ. מאַרעק... — פּעטערבורג 1901“.[1] —

נח פּרילוצקי.

וואַרשאַ, אָקטאָבער 1910.

P. S. די ווײַטערדיקע בענדער ווערען פאַרפערטיקט צום דרוק. אין צווייטען באַנד גייען־אַרײַן: „באַלאַדען, באַלאַדענמעסיגע לידער און מאָראַלישע מעשה'לעך אין פערזען“.

---

[1] די הקדמה און אַלע דערקלערונגען — אַף רוסיש.

אין די איבעריקע בענדער קומען:

1) היסטאָרישע לידער; 2) וויגלידער; 3 לידער פֿון יתומים; 4) קינ־דער־און חדר־לידער; 5) ליבע־לידער; 6) התן־כלה־לידער; 7) פאמיליען־לידער; 8) סאָציאַלישע לידער; 9) סאַטירישע לידער.

אלע דייענקיע, וואָס פארשטייען די בעדייטונג פֿון דער זאך, ווערען געבעטען נישט יוצא זיין מיט בלויז מיטגעפיל, נאָר אליין זיך נעמען זאמלען די פרוכטען פֿון אונזער פאלקסשאפֿונג: לידער, מעשה׳לעך, שפריכווערטער, רעטענישען, פורימשפילען וכדומה.

באם פארשרייבען בעדארף מען די ווערטער אויסלייגען אזוי, ווי מ׳רעדט.

בא איטליכער זאך מוז פארצייכענט ווערען די געגענד, וואו מ׳האָט זי אָפגענומען, און דער נאָמען, די יאָרען און די פראָפעסיע פֿון דער פער־זאָן, בא וועלכער מ׳האָט זי געהערט.

דעם געזאמעלטען מאטעריאל, מעג ער זיין ווי קליין, בעט מען אַפ־צושיקען לויט פאָלגענדיקען אדרעס!

П. Присяжн. Пов. Н. Прилуцкому, Варшава
ул. Св. Креста 48.

P. Adw. Przys. N. Pryłucki, Warszawa Sw. Krzyska 48.



# צעטעל פֿון די לידער.

## רעליגיעזישע.



## יום־טוב׳דיקע.

# יידישע פאָלקסלידער

# רעליגיעזישע לידער.

דער רבונו־של־עולם.—תפלות.—משיח.—חסידות.—די תורה.

## № 1.

אינז אָבן דאָך אַ טאַטי אין הימל,
וואָס ער מיט קיימאָל נישט קין דרימל;
וואָס ער וויל — טוט ער,
אין וועמען ער וויל — גיט ער, —
ווער קען עם דעות זאָגן?
ציקער־זים איז זין שלאָגן!
מיט שמחה, יידעלעך, מיט שמחה
לאָמיר עם דינען!
אינז אָבן דאָך אַ טאַטי אין הימל,
וואָס טוט קיימאָל, קיימאָל נישט קין דרימל!

פילטוסק, ווארש. גוב. דער חסיד.

פערשפרייט אין גאַנץ פוילען, איבערהויפט צווישען די ראדזימינער חסידים, חבל געווען ס'באַליבטע ליד פון ר' יאנקעלע און זין זות ר' שלמה'לע.

---

## № 2.

גאָט מיז מע דינען,
אי מ'וועט עם דינען, —
נאָר מיט שמחה אין נחת!
הגואל ממות ופודה משחת!

דינען מיז מע גאָט,
אי מ'וועט עם דינען,

דערפֿאַר נאָר, וואַל ער אָט
אינז אָסגעוועלט צין דינען!

„סע מ'ז עם דינען,
אי מ'ווּעט עם דינען,
אָבער נישט ווי אַ גולם!
הרן יחידי לבאי עולם!

דינען מיז מע גאָט,
אי מ'ווּעט עם דינען,
דערפֿאַר נאָר, וואַל ער אָט
אינז אָסגעוועלט צין דינען!

פּולטוּסק. דער חסיד.

געהערן ס'באַליבטע ליד פֿון ר' מענדעל וואָרקער און דערינבער פֿערשפּרייט צווישן די וואָרקער חסידים. — ווערט געזוננגען אויך פֿון אַנדערע חסידים.

די ערשטע און דריטע סטראָפֿע זאָגט דער הויפּטזינגער (אין הויף — דער רבי אַליין); די צווייטע און פֿערדע — אַ צוּשפּיל — דער חאָר (אין הויף — די חסידים).

---

## № 3.

— — — — — — — — — —
אזוי, אזוי דאַף מען עם דינען,
אײַבּיג, אײַבּיג, פֿין בעגינען…
— — — — — — — — — —

פּולטוּסק. דער חסיד.

פֿערשפּרייט צווישן אַלע חסידים אין פּוילען.

די צוויי סטרוּפֿען ווערען אַ סך מאָל איבערחזר'ט אין איין בּשהאַרצטען ניגון.

---

## № 4.

I.

אֲנִי בְּיַעַר הָלַכְתִּי,
קולות מִצִּפֳּרִים שָׁמַעְתִּי;
קולות מִצִּפֳּרִים,
מְזַמֵּר מִזְמוֹרִים, —
מְזַמֵּר מִזְמוֹרִים:



„רוּ, רוּ, רוּ!״
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿייגאַלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿייגאַלאַך זינגען:
„רוּ, רוּ, רוּ!
„אַדִּיר, אָיוֹם וְנוֹרָא!
„בְּצַר לִי, לְךָ אֶקְרָא!
„ה' לִי — וְלֹא אִירָא!״

II.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:
„לי, לי, לי!״
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿייגאַלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿייגאַלאַך זינגען:
„לי, לי, לי!
„גְּדוֹר פִּרְצַת הֵיכָלִי!
„דָּגוּל מַהֵר חַכְלִילִי!
„ה', הֱיֵה עוֹזֵר לִי!״

III.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:
„סי, סי, סי!״
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿייגאַלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿייגאַלאַך זינגען:
„סי, סי, סי!
„הֵן אַתָּה תִקְוָתִי,
„וְלִישׁוּעָתְךָ קִוִּיתִי,
„ה', עֻזִּי יְשׁוּעָתִי!״

IV.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:
„ים, ים, ים!״
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿייגאַלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿייגאַלאַך זינגען:
„ים, ים, ים!
„זַךְ וּנְקִי כַּפַּיִם,
„חוֹן פּוֹרְשֵׂי כְּנָפַיִם,
„ה' אֶרֶךְ אַפַּיִם!״

V.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:

„חאָ, חאָ, חאָ!"
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿײַגעלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿײַגעלאַך זינגען:
„חאָ, חאָ, חאָ!
„טובך תּחיש לעמך;
„יהי עלינו כּנאמך.
„ה׳, עשׂה למען שמך!"

VI.

אני ביער הלכתי.
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:
„חאָ, חאָ, חאָ!"
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿײַגעלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿײַגעלאַך זינגען:
„חאָ, חאָ, חאָ!
„כּונן בּית מכונך.
„להרבּץ בּו צאנך.
ה׳ בּאור פּניך!"

VII.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:

„לי, לי, לי!"
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿײַגעלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿײַגעלאַך זינגען:
„לי, לי, לי!
„מפּחד להצילי,
„נהלני לציון קודש גורלי.
„ה׳, שמע בּקולי!"

VIII.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:
„רים, רים, רים!"
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿײַגעלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿײַגעלאַך זינגען:
„רים, רים, רים!
„סעוד וסמוך לנמהרים,
„עזור נא את הנשארים,
„ה׳ יוצר הרים!"

IX.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:



„זים, זים, זים!"
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿײַגעלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿײַגעלאַך זינגען:
„זים, זים, זים!
„פּדה עמך מעזים.
„צאנך מיד גוזזים,
„ה׳, עושׂה חזיזים!"

X.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:
„מו, מו, מו!"
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿײַגעלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿײַגעלאַך זינגען:

פ אָ ל אַ מ ש ע ו ו, ווארש. נגב.

„מו, מו, מו!
„קרב קץ נחמה,
„רחם אום לא רוחמה.
ה׳, איש מלחמה!"

XI.

אני ביער הלכתי,
קולות מצפרים שמעתי;
קולות מצפרים,
מזמר מזמורים, —
מזמר מזמורים:
„ני, ני, ני!"
בין איך מיר געגאַנגען
אין דעם וואַלד;
טרעף איך מיר פֿײַגעלאַך,
יינג און אַלט;
די פֿײַגעלאַך זינגען:
„ני, ני, ני!
„שכון כּמאז בּאהלינו.
„תּמיד אל מחוללנו;
„ה׳ מלכּנו,
„הוא יושיענו!"

פסח וואַלרש.

עטליכעשפראַכליך רעליגיעזע ליד: № 4 — לשון-קודש און יידיש; № 5 – לשון-קודש, דײַטש און פויליש; № 6 – יידיש און פויליש; № 7 – דײַטש און לשון-קודש.

אַלע פסוקים אין דעם ליד – פון די שבת-צוגאַבטיקע „זמירות", דהיינו פון באַגעדיכט „אדיר, איום ונורא".

דאָס גאַנצע ווערקעל – פּראַקטישע באַאַרבעטונג פון דער פּאָפּולערער תּפלה.

## № 5.

װאַריאַנט.

I.

אני ביער הלכתי,
קול ציפורים שמעתי,
זמר מזמרים:
„ראָ, ראָ, ראָ!
„אדיר, אָיום ונוראָ,
בצר לי, לך אֶקרא;
ה׳ לי – ולא אירא!"

II.

איינמאַל גינג יך
ינ׳ן װילדען װאַלד;
דאַ זאַנגען פֿעגעל,
יונג ונד אַלט.
איינער זאַנג:
„לי, לי, לי!
„גדור פרצת היכלי!
„דגיל מהר חכלילי!
ה׳, היה עוזר לי!"

III.

Raz chodziolam
Dolasu,
Spiewali wruble
Oblasu.
Jeden spiewal,
Drugi czymbal,
Trzeci gra:
„Si, Si, Si!
„הן אתה תקותי,
„ולישועתך קויתי, –
ה׳, עוז ישועתי!"

IV.

אני ביער הלכתי,
קול ציפורים שמעתי
זמר מזמרים:
„ים, ים, ים!
„זך ונקי כפים,
„חון פורשי כנפים,
„ה׳, ארך אפים!"

V.

איינמאַל גינג יך
ינ׳ן װילדען װאַלד;
דאַ זאַנגען פֿעגעל,
יונג ונד אַלט.
איינער זאַנג:
„חאָ, חאָ, חאָ!
„טובך תחוש לעמך;
„יהי עלינו כנאמך, -
„ה׳, עשה למען שמך

VI.

Raz chodziolam
Dolasu,
Spiewali wruble
Oblasu.
Jeden spiewal,
Drugi czymbal,
Trzeci gra:
„Cho, Cho, Chŏ!
„כונן בית מכונך
„להרבץ בו צאנך,
„ה׳, באור פניך!"



VII.

אני ביער הלכתי,
קול ציפורים שמעתי,
זמר מזמרים:
„לי, לי, לי!
„מפחד להצילי,
„נהלני לציון קודש גורלי, –
ה׳ שמע בקולי!"

VIII.

איינמאַל גינג יך
ינ׳ן װילדען װאַלד;
דאַ זאַנגען פֿעגעל,
יונג ונד אַלט.
איינער זאַנג:
„רים, רים, רים!
„סעוד וסמוך לנמהרים,
„עזר נא את הנשארים,
„ה׳, יוצר הרים!"

IX.

Raz Chodziolam
Dolasu
Spiewali wrubli
Oblasu.
Jeden spiewal,
Drugi czymbal,
Trzeci gra:
„Sim, sim, sim!
„פדה עמך מְעזים,
„צאנך מיד גוזזים,
„ה׳, עושה חזיזים!"

X.

אני ביער הלכתי,
קול ציפורים שמעתי,
זמר מזמרים:
„מָה, מָה, מָה!
„קרב קץ נחמה,
„רחם אום לא רוחמה,
„ה׳, איש מלחמה!"

XI.

איינמאַל גינג יך
ינ׳ן װילדען װאַלד,
דאַ זאַנגען פֿעגעל,
יונג ונד אַלט.
איינער זאַנג:
„נו, נו, נו!
„שכון כמאז באהלינו,
„תמיד אל מחוללנו;
„ה׳ מלכנו,
„הוא יושיענו!"[1]

**J. H. Wagner** (Altona, Deutschland).

געדרוקט: „מיטטיילונגען", 1899, III. –

נאָך איין װאַריאַנט איז פֿאַראַן אין די פֿריערדיקע העפֿטען פֿון דערזעלביקער צייטשריפֿט, נאָר צו מיין גרויסען עגמת־נפש האָב איך זיי בשום אופֿן ניט געקאָנט קריגען. –

---

[1] זעה אויבען, אָנמערקונג צו № 4

## № 6.

צווייטער וואריאנט.

— בין איך מיר געגאנגען
אין דעם וואלד,
אין דעם וואלד,
אין דעם וואלד, —
אבן פייגעלאך געזינגען,
יונג און אלט,
יונג און אלט,
יונג און אלט.

= וואס אבן זיי געזינגען?
וואס אבן זיי געזינגען?
— „רו, רו, רו!
„רו, רו, רו!
„אדיר איום ונורא!
„רו, רו, רו!
„רו, דו, רו!
„בצר לי, לך אקרא!"

— יא וו' לעשיע
האדזילעם,
האדזילעם.
הארזילעם, —
פסאקי שפיעוואלי —
סלוכאלעם,
סלוכאלעם,
סלוכאלעם.
= צא שפיעוואלי?
צא שפיעוואלי?
— רו, רו, רו!
רו, רו, רו!
„אדיר, איום ונורא!



„רו, רו, רו!
„רו, רו, רו!
„בצר לי — לך אקרא.
„ה' לי ולא אירא!"[1]

פאבאמשעו. וואלף ראזענבערג.

---

## № 7.

דריטער וואריאנט.[2]

איינסט גינג יך
דורך איינען וואלד, —
האט פעגליין געזונגען
דיע היילינגען נאמען:
„פי, פי, פי!
יהיו לרצון
אמרי פי!
פי, פי, פי!"[3]

מזמור יום א':

איינסט גינג יך
דורך איינען וואלד, —
האט פעגליין געזונגען
דיע היילינגען נאמען:
„מור, מור, מור!
לדוד מזמור![4]
מור, מור, מור!

פי, פי, פי!
יהיו לרצון
אמרי פי!
פי, פי, פי!"

מזמור יום ב':

איינסט גינג יך
דורך איינען וואלד, —
האט פעגליין געזונגען
דיע היילינגען נאמען:
„רח, רח, רח!
שיר מזמור
לבני קרח![5]
רח, רח, רח!
מור, מור, מור!
לדוד מזמור!
מור, מור, מור!

---

1) זעה אנמערקונג צו № 4.
2) „מיטטיילונגען", 1899, III.
3) ווייטער גייען 7 סטראפען, אף די 7 טעג פון דער וואך;
4) תהלים כ"ד (פון די זונטיקדיקע „מעמדות").
5) תהלים מ"ח (פון די מאנטיקדיקע „מעמדות").

פי, פי, פי!
יהיו לרצון
אמרי פי!
פי, פי, פי!״

**מזמור יום ג׳:**

איינסט גינג יך
דורך איינען וואלד, —
האט פֿעגלײַן געזונגען
דיע הײליגען נאמען:
„סָף, סָף, סָף!
מִזְמוֹר לְאָסָף![1]
סָף, סָף, סָף!
רַח, רַח, רַח!
שיר מזמור
לבני קורח!
רַח, רַח, רַח!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
לדוד מזמור!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
פִּי, פִּי, פִּי!
יהיו לרצון
אמרי פי!
פי, פי, פי!״

**מזמור יום ד׳:**

איינסט גינג יך
דורך איינען וואלד, —
האט פֿעגלײַן געזונגען
דיע הײליגען נאמען:
„מות, מות, מות!
אֵל נְקָמוֹת![2]
מות, מות, מות!
סָף, סָף, סָף!
מזמור לאסף!
סָף, סָף, סָף!
רח, רח, רח!
שיר מזמור
לבני קורח!
רח, רח, רח!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
לדוד מזמור!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
פי, פי, פי!
יהיו לרצון
אמרי פי!
פי, פי, פי!״

**מזמור יום ה׳:**

איינסט גינג יך
דורך איינען וואלד, —
האט פֿעגלײַן געזונגען
דיע הײליגען נאמען:
„תִּית, תִּית, תִּית!
לַמְנַצֵּחַ
עַל הַגִּתִּית![3]
תִּית, תִּית, תִּית!
מות, מות, מות.
אֵל נקמות!
מות, מות, מות!
סף, סף, סף!
מזמור לאסף!

1) תהלים פ״ב (פֿון די דינסטיקדיקע „מעמדות״).
2) תהלים צ״ד (פֿון די מיטוואָכדיקע „מעמדות״).
3) תהלים פ״א (פֿון די דאָנערשטיקדיקע „מעמדות״).



סָף, סָף, סָף!
רַח, רַח, רַח!
שיר מזמור
לבני קורח!
רח, רח, רח!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
לדוד מזמור!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
פי, פי, פי!
יהיו לרצון
אמרי פי!
פי, פי, פי!״

**מזמור יום ערב־שבת־קדש:**

איינסט גינג יך
דורך איינען וואלד, —
האט פֿעגלײַן געזונגען
דיע הײליגען נאמען:
„בֶּשׁ, בֶּשׁ, בֶּשׁ!
ה׳ מָלָךְ
גֵּאוּת לָבֵשׁ![1]
בֶּשׁ, בֶּשׁ, בֶּשׁ!
תִּית, תִּית, תִּית!
למנצח
על הגיתית!
תִּית, תִּית, תִּית!
מות, מות, מות!
אל נקמות!
מות, מות, מות!
סָף, סָף, סָף!
מזמור לאסף!
סָף, סָף, סָף!
רַח, רַח, רַח!
שיר מזמור
לבני קורח!
רַח, רַח, רַח!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
לדוד מזמור!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
פי, פי, פי!
יהיו לרצון
אמרי פי!
פי, פי, פי!

**מזמור שבת־קדש:**

איינסט גינג יך
דורך איינען וואלד, —
האט פֿעגלײַן געזונגען
דיע הײליגען נאמען:
„בָּת, בָּת, בָּת!
מִזְמוֹר שִׁיר
לְיוֹם הַשַּׁבָּת![2]
בָּת, בָּת, בָּת!
בֶּשׁ, בֶּשׁ, בֶּשׁ!
ה׳ מָלָךְ
גֵּאוּת לָבֵשׁ!
בֶּשׁ, בֶּשׁ, בֶּשׁ!
תִּית, תִּית, תִּית!
למנצח
על הגיתית!
תִּית, תִּית, תִּית!
מות, מות, מות!

1) תהלים צ״ג (פֿון די פֿרײַטיקדיקע „מעמדות״).
2) תהלים צ״ב (פֿון די שבת׳דיקע „מעמדות״).

אל נקמות!
מות, מות, מות,
סָף, סָף, סָף!
מזמור לְאָסָף!
סָף, סָף, סָף!
רַח, רַח, רַח!
שִׁיר מִזְמוֹר
לִבְנֵי קוֹרַח!

רַח, רַח, רַח,
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
לדוד מזמוֹר!
מוֹר, מוֹר, מוֹר!
פִּי, פִּי, פִּי!
יהיו לרצוֹן
אמרי פִּי!
פִּי, פִּי, פִּי!

**Ellertheimer**, Lehrer (Hardheim, Deutschland).

צוויי וואַריאַנטען — אין אַ פּוילישׁ קליינשטעטעל, צוויי — אין דײַטשלאַנד: — אַזאַ פֿערשפּרייטקייט גיט אונז צו לערנען: די קאַטעגאָריע לידער מוז אָנבעלאַנגען צו די עלצטע טײַטערווערק פֿון אונזער פֿאָלקלאָר.

און ווירקליך, פֿאַראַן אַ בעשטימטע חראָנאָלאָגישע דאַטע וועגען די יאָרען פֿון דעם גראַציעזען יידישען לויבגעזאַנג, וועלכעס ס׳איז קוואַליטירטע רעליגיעזישע געפֿיל האָט אײַנגעפֿאַסט און אַן׳אײַנגענאַרטיג-פּאָעטיש רעטעל, און ס׳העלזעלע פֿון וואַלדפֿייגעלע.

אין בעקאַנטען קאַטאַלאָג פֿון ר. נ. ראַבינאָוויטש („רשימת ספרים ישנים“, מינכען 1886), אונטער № 81 איז פֿערצייכענט אַ כתב-יד, וואָס קומט אַרויס פֿון איטאַליען, מיט דעם פֿאָלגענדען טיטעל:

„פזמונים ק׳ סימנים... זה הספר של פזמונים, לזמר לשוכן מעונים, בניגונים וברננים, בסימנים וסימנים שונים, בחנוכה ובפורים ובשבתות וימים טובים... בשנת „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך“... אני מרדכי פסנגלי“...

אלזאָ: 100 רעליגיעזע אָדעס אויף שבתים און יום-טובים.

מרדכי פּסנגלי — אַ פּנים, זאַמלער; נאָך ניכער — בעווײַזער פֿון דער זאַמלונג. דער מחבר — געוויס ניט. ווײַסט וואָלט זיין נאָמען זיך דורכגעטראָפֿען אין דער יידישער געשיכטע.

שנת „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך“ — תקל״א 1770 —
דאָס 57טע געדיכט פֿון דער קאָלעקציע קלינגט אַזוי:

א) אני ביער הלכתי
וקול עופות שמעתי.
אחד יעופף מול ערפי
ואמר: „פִּי, פִּי, פִּי!
תה״ת ה׳ ידבר פִּי!“

ב) אני במדינה הלכתי,
קול עופות שמעתי.
אחר עומד על ביכורה
ואמר: „קרָא, קרָא, קרָא!
בשם ה׳ אקרא!“



ג) אני בכפר הלכתי,
קול עופות שמעתי,
אחד מהלך בנהר בשפת
ואמר: „פּאַט, פּאַט, פּאַט!
בקום ה׳ למשפט!“

ד) אני בנהר הלכתי,
קול עופות שמעתי,
אחד מרנן באלן
ואמר: „קוּ, קוּ, קוּ!
תפלה לחבקוק!“

ה) אני בדרך הלכתי,
קול עופות שמעתי,
אחד עופף ואמר;
„וַי, וַי, וַי!
זכור לטוב
אליהו הנביא!“

דאָס שענע ליד איז טאַקי, — אויב ניט דער פּראָטאָטיפּ, — איינער פֿון די ערשטע וואַריאַנטען פֿון די לידער, וואָס וועגען אויבען געבראַכט אונטער די נומערן 7, 6, 5, 4. —

---

## № 8.

I. גאָט פֿון אברהם, גאָט פֿון יצחק, פֿון יעקב,[1]
גאָט בעלי!
בעהיט דאָן הײַליק אַרצידיק פֿאָלק ישראל
אין דאָניִם לויב![2]

II. די זיבן טעג זאָלן אינז וואויל באַקומען —
צי גליק, אין צי הײַל, אין צי פּרנסה בכבוד,
אין צי אַלעם ניטן געזונט.
אָמן וָאָמן!

III. אימל אין עיאַרד איז אָפֿן,
צי דיאַר טאָג אין נאַכט, ליבאָ גאָט אין אימל,
בעיטן מיאַר אין האָפֿן,
מיאַר זאָל׳מאַר אָבן אָסגעבעיטן

---

[1] די סטראָפֿען I, XI—VI און די לעצטע 6 פֿערזען פֿון III — צו 3 מאָל.

[2] פּראָפֿעסאָר ד״ר לאַצאַרוס דערקלערט: דאָס וואָרט לויב שטאַמט פֿון דײַטשישען Laube און בעטײַט: סוכה.

די פֿערזען בעציִען זיך אַן פּסוק: „ופרוש עלינו סוכת שלומך“, און פֿערבינדונג מיטן פּסוק: „כי אל שומרנו ומצילנו אתה“. —

אַ גוטע וואָך, [1]
און אַ פֿרישע וואָך,
און אַ פּרנסה'דיקע וואָך,
און אַ מזל'דיקע וואָך,
און אַ געזונטע וואָך
און אַ פֿריילעכדיקע וואָך...
און אַ גוט יאָער;
און אַ געזונט יאָער,
און אַ פּרנסה'דיק יאָער,
אַ מזל'דיק-יאָער,
ליבאָ גאָט און אימל,
זאָל קומען אָף אינץ אַלע;
אָף מיר,
אָף מאַן און קינדאָ
און אָף כּל-ישראל'ס קינדעלאָך!
אָמן ואָמן!

IV. הדם און בשמים,
טיען שמעקן: [2]
אַלע פֿרומע ריינע נשמות
זאָלן זאָך צו גוטן דאַוועקן, —
אַז עס זאָל קיינמאָל נישט מיר מאַן אַרץ
צו לייד און צו צרות נישט דערשרעקן
און נישט דאַוועקן.

V. קומען די רויטע יידאָלאָך
מיטן גילדענעם פּאָען
און זאָגן אינץ
בשורות טובות אָען:
משיח איז אין מיטן,
און דער ליבאָ האַר גאָט אויוון-אָען.

---

[1] בעציט זיך אָף די פסוקים: „יהי השבוע הבא לישועה ולרווחה", — און „הוא ישלח במעשי ידינו ברכה והצלחה" (שבת'צונאַכטיקע זמירות).

[2] די ברכה פֿון דער הבדלה: „בורא מיני בשמים".



VI. אליהו הנביא, אליהו הנביא, [1]
מהרה בימינו —
משיח זאָל צו אינץ קומן דאָס יאָער,
בן דוד.

VII. אינזער ליבאָ האַר גאָט
נעמט נ'ליבן הייליקן, כּשר'ן באַלאָ
און די ראַלטע האַנט —
און מאַכט אַ ברכה
איבערן גאַנטסן לאַנד;
און מאַכט די ליבע אַרציקע ברכה
נאָך אַזוי הויאָך און שיין,
אַז כּל-ישראל'ס קינדעלאָך
זאָלן אַלע זאָגן אָמן.

VIII. אָמן, אָמן! זאָל ווערן וואָער!
מיר זאָלן ווערן געגרייסט,
און דאַליידזט
און געהאָלפֿן מיט אַ גוטע הילעף דאָס יאָער,
און אַלע יאָער,
און די שעה
און אַלע שעה,
די נאַכט
און אַלע נאַכט,
די רגע
און אַלע רגע.

IX. רחום שדי —
אַ דאָרבאַרעמאַרציקאָ גאָט ביסטו!
רחום שדי —
ווי אַ גוט-עלפֿאָ ביסטו!

---

[1] פֿון פסוק: „אליהו הנביא, אליהו התשבי, אליהו הגלעדי, במהרה יבוא אלינו עם משיח בן דוד" (זמירות למוצאי שבת).

X כ׳בעט דיך, ליבּא גאָט,
זאָסט מיר אָס מאַן נויט
אין אָס מאַני קינלאָס נויט, —
אין ווען יאַך וועל דיאַך אָנריפן אין נויט,
זאָסטו, ליבּאַ גאָט אין איבּל,
אַלע מאָל מיר באַשטיין אין מיַן נויט.

XI. יינג אין אַלט, גרויס אין קליין,
די שיינע ליבּע תורה מקבל צי זאַין!
תורה צי לאַרנען —
אין סחורה צי לייגן אין זאַט, —
דאָס האָט אַלין
דער ליבּא שבת־קודש מיטגיבּרענגט.
דעיאָר שיינא ליבּאָ שבת־קודש —
אָף דעיאָר וועלט
אין אָף יענע וועלט.
וועיאָר עס נעמט שבת געלט,
פאַרזינדיקט זאַך די וועלט
אין יענע וועלט... —
הנה לא ינום ולא ישון שומר ישראל,
המבדיל בין קודש לחול.[1]

וואַרשא. חיה שעפּס, 74 יאָר.[2]

[1] נאָך וואַרשעווער אויסשפּראַך אויסגעלענטע ווערטער:
בעכי — ברוך הוא; אַרציַדיק — האַרצידיק; דאַגוים — דיַנעם; איבּל — היבּל; אָס — אוּיס; עיאָרד — ערד; דיאָר — דיר; ליבּאָ — ליבּער; מיאָר — מיר; זאָלסט — זאָלסטו מיר; אבּן — האָבּען; יאַך — איך; מאַן — מיַן; יאָר — יאָהר; קינדא — קינדער; פאָען — פאָהן; אָען — אין; באַכאָ — בעכער; ראַכטע — רעכטע; גאַנטסן — גאַנצען; הויאַך — הויך; וואָער — וואָהר; הילעף — הילף; כאַני — מיינע; עלפאָ — העלפער; זאָך — זיך; דאַען — דאָס; זאַט — זייט; אָף — אויף; זאַך — זיך; וועיאָר — ווער; דעיאָר — דער; מאָל — מאָל; אָמן — אין וואַרשא אויסגערעדט ווי „אָמען".
[2] זי האָט עס איבּערגענומען פון איר מאַמע.



די לידער פון דער קאַטעגאָריע האָבּען אַ געדריקטען פּראָטאָטיפּ.
אין אַ בענטשערל פון די לעצטע יאָרען געפינען מיר אַזאַ נוסח:
„גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, באַהיט דיין ליב כּל ישראל פון אַלעם בייזין, און באַשיץ זיי מיט דיין לויב, דאָס די זיבּן טאָג זאָל׳ן אינז קומן צו געזונד און גליק, צו אַלעם גוטען, צו תורה, צו יראת־שמים, צו מעשים טובים, צו בשורות טובות, ישועות ונחמות. אונזער ליבּער שבת־קודש גייט אַוועק; די וואָך זאָל קומען אויף אונז צו מזל און ברכה, און צו אַ׳לעם גוטען גיווינן. אמן."
(„סדר ברכת־המזון וקריאת־שמע", — לובלין, בדפוס ר׳ אברהם פעדער, ש׳ תרס״ח לפ״ק).

עלטערע נוסחאות קען מען זעהן אין:
א) „ברכת־המזון" (דאַיטש בענשן), — אמסטערדאַם, 1723;
ב) „תיקון שלמה בלשון אשכנז", — אמסטערדאם, 1731;
ג) „קהלת־שלמה", — אמסטערדאם, 1762.
אין אַ שפּעטערדיקער בעאַרבּעטונג פון דעם לעצטען ספר לייענען מיר:
„גאָטט אברהם, יצחק אונד יעקב, בעהיטע דיין פאָלק ישראל אין דיינעם לאָבּע, דיא זיעבּען טאַגע זאָללען אונז בעקאָממען צום גליק, צום הייל אונד צו אַלעם פראָממען; דאָס דיר ליעבּע שבת־קודש געהע דאַהין, די וואָכע זאָלל אונז קאָממען צו שלום, צו געזונד, צו עושר אונד כבוד, אונד צו אַלעם גוטען געווינן. אמן ואמן."
(שלמה בלאָך, „קהלת שלמה", האַנאָווער, 1847).

אָנגעמערקט ווערט אַף דעם־וועלביקען אָרט, אַז די תפלה זאָגען ווייבער געוויינטליך פאַר הבדלה, דריי מאָל.
פאַראַן צווישען די טאַנדעט־אויסגאַבּען פון פראַנציסקאַנער־גאַס אַפּאָ־קרעפיגע אַף דאָס פאַרשפּרייט און פּאָפּולער ווייבעריש רעליגיעזיש ליד: „בדחן אין וואַרשא משה שלאָפּשטיין, — וויבּע דוּאָשע די צדקניות פון וואַרשא, — ווי מען האָט איר ניט אַריינגעלאָזט יום כפּור צו כל נדרי און שוּל אַריין, האָט זי מוצאי יום כפּור באַנאַכט אויסגעגאָסען איר ביטער האַרץ און האָט געזונגען צו העכערליי „גאָט פון אברהם". — וואַרשא, תרס״ג." —

№ 9.

וואַריאַנט.

I. גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב,
בעהיט כּל־ישראל אין דאַנים לויב!

דער ליבּאָ שבת־קודש נײַט־אַװעק,
אין די ליבּע װאָך קימט אָען —
צי געזינט, צי לעבּן צי מזל, צי הצלחה,
צי ברכה,
צי עושר, צי כּבוד, צי תּורה, צי צדקה, צי מעשים־טובים,
צי אַלעם ניטן געווין;
צי אַ דערפרייאינג, צי אַ דערלייזינג,
צי אַ שפּאַזינג, צי אַ דערנעריִנג.
פֿין דיאַר, נאָט ברוך הוא אַליין,
אָמן, אָמן וְאָמן!

II. נעמט ער דעם באַכאָ אין דער ראַכטאָ האַנד
אין מאַכט די ברכה איבּערן גאַנצן לאַנד
נאָך אַזױ הויך, נאָך אַזױ שײַן,
אַז כּל־ישראל'ס קינדערלעך זאָלן זאָגן אמן.

III. אמן, אמן! זאָל װערן װאָער!
המלך המשיח בן דוד זאָל צי אינץ קימען ס'הײַריגע יאָר [1]

IV. אליהו הנביא, אליהו הגלעדי, אליהו התּשבּי,
המלך משיח במהרה בימינו, משיח בן דוד!

V. לאָמאָר אַראָפּנעמען דעם טויאָ פֿין אויבּן,
לאָמאָר אָנהײַבּן נאָט בּעלי צי לויבּן,
לאָמאָר אָנהײַבּן צי לויבּן נאָט,
וואָס די װעלט באַשאַפֿן אָט!
לאָמאָר אַװעקלײַגן דעם אַקאָ פֿין אַזן!
זאָלסט אינץ, ליבּאָ נאָט, טיען נערן אין שפּײַזן,
זאָלסט אינץ געון זאַלץ אין ברויט,
ס'זאָל בּעהיט װערן פֿאַר יִנגאָ, פֿאַר נויט,
אין, חן ושלום, פֿאַר אַ פּריצאַטין טויט.

VI. חרס אין בשמים טיען שמעקן, —

[1] זעה אַנמערקונג צו № 8



די פֿרימע, די געלאַטערטע נשמות זאָלן זאָך פֿאַר אינץ דערוועקן,
אַז קאַן שום צער אין בּײַז זאָלן אינץ נישט דערשרעקן.

VII. פֿין אַלע אימלען זאָל פּאַפּיר װערן,
פֿין אַלע בּײַמער זאָל פּענעס װערן,
פֿין אַלע װאַסערן זאָל טינט װערן,
איז נישט אָסציִשראַבּן אין אָסצידערצעלן דאַני װינדאָ
וואָס די טיסט, ליבּאָ נאָט, מיט איטליכן מענש באַזינדאָ. [1]

VIII. איש חסיד איז געװען אַ פֿרימאָ מאָען,
אין תּורה אָט ער געלאַרינט פֿין אײַבּיג אָען;
תּורה אָט ער נעלאַרינט טאָג אין נאַכט,
ניטע אין פֿרימע קינדאָ אָף דער װעלט געבּראַכט, — [2]
זײַן זכות זאָל אינץ אַלע באַשטײַן
אין אַלץ, װאָס מיר װינשן זאָך.
אַ גיטע װאָך! אַ גיטע װאָך! [3]

רחל מאַרקוס, 50 יאָר. — װאַרשא.

װערטערבּיכעל:

ניִמן — נעמען; שפּאַזינג — שפּײַזונג; ראַכטאָ — רעכטער; טויאָ — טוליער; אַקאָ — אַקער; אַזן — אײַזן; נעון — געבּן; אינגאָ — הונגער; פּריצאַטינן — פּריצײַטיגן; געלאַטערטע — געלײַטערטע; שראַבּן — שרײַבּן; װינדאָ — װאונדער; באַזינדאָ — באַזונדער; מאָען — מאַן; געלאַרינט — געלערנט; זאָך — זיך.

## № 10.

### צװײטער װאַריאַנט.

I. נאָט פֿין אברהם, פֿין יצחק, פֿין יעקב,
היט דאָן פֿאָלק ישראל אין דאַניִם לוין.

[1] בּעצייט זיך אָף די שורות פֿון „אקדמות":
גְּוִיל אִלּוּ רְקִיעֵי. קְנֵי־כָּל חוּרְשָׁתָא;
דְּיוֹ אִלּוּ יַמֵּי וְכָל מֵי כְּנִישׁוּתָא...
[2] בּעצייט זיך אָף די מוצאי־שבת'דיקע זמירות: „איש חסיד היה".
[3] יעדע סטראָפֿע 3 מאָל.

די זיבן טעג זאָלן אינץ וואויל בעקומען,
צו גליק, אין צו פרייד, אין צו אַלע פרימע.[1]
דעיאָר שבת־קודש גייט־אַהין: די ליבע וואָך זאָל אינץ קומען —
צו געזונד, אין צו לעבן, אין צו עושר, אין צו כבוד,
אין צו חן, אין צו חסד, אין צו אַלעם גוטן געווען.[2]
אליהו הנביא, המביא אלינו המלך המשיח,
דאָס יאָער — בן דוד.[3]

II. גע מיר, גאָט, דאַן מילדינקייט אין אַ גרויס בּאַרעמערצינקייט,
אין זעה מאַן פאַן אין מאַך בּיטער ציבּראָכן אַרץ.
דאַני מצוות וועל'עך ערפילן,
אין די נקמות זאָלסט די מיר שטילן.
אליהו הנביא, המביא אלינו המלך המשיח,
דאָס יאָער — בן דוד.

III. הדס אין בשמים טיען שמעקן,
אַלע היילִיקע, ריינע נשמות זאָלן זאַך טיען צו־די־פילע־וואָך
צו מאַני גרויסע נויטן ערוועקן,
יאַך זאָל מאַך נישט קיימאָל, חס ושלום באַנאַכט איבּאָשרעקן —
אליהו הנביא, המביא אלינו המלך המשיח,
דאָס יאָער — בן דוד.

IV. ער נעמט ג'באַבאָ אין די ראַכטע האַנט,
אין מאַכט אַ ברכה איבערן גאַנצן לאַנד,
נאָך אזוי הויך אין נאָך אזוי שיין,
אַז כל־ישראל'ס קינדערלעך זאָגן: אמן אמן!
עס זאָל ווערן וואָער.
דערלייזט אין דערפרייט זאָל מען ווערן די וואָך אין דאָס יאָער.
אליהו הנביא, המביא אלינו המלך המשיח,
דאָס יאָער — בן דוד.

[1] זעה אויבען, ערקלערונג צו № 8, דער „גאָט פֿון אברהם" אין דעם אַנטוואָרטער „קהלת שלמה".

[2] „געווען" — פֿערדאָרבען פֿון „געווינען". — זעה ביידע געדרוקטע נוסחאות אין די אַנמערקונגען צו № 8, אויך דעם אַלטען פערז I אין № 9.

[3] זעה אַנמערקונג צו № 8.



V. עס שטייען צוויי יידעלעך אויבן אָן
אין טאַנצן, אין שפּרינגען
אין זינגען.
אַלע לויבן דעם אַלמעכטיגן גאָט,
וואָס אימל אין עיאָר באַשאַפן אָט,
וואָס מיאָר מאַן לאַב געגעבן אָט.
אליהו הנביא, המביא אלינו המלך המשיח,
דאָס יאָער בן דוד.

VI. צו בערעג אָב'עך מיך דערהויבן —
אין משה רבנו שטייט מיט די היילִיקע שכינה אויבן.
ווער עס נעמט אים שבת געלט,
פערזינדיקט זאַך די וועלט
אין יענע וועלט.
אליהו הנביא, המביא אלינו המלך המשיח,
דאָס יאָער בן דוד.
המבדיל בין קודש לחול!
חטאתינו הוא ימחול!
זרענו וכספנו ירבה כחול
וככוכבים בלילה![1]

פ. האָלראַש. סאָלאָטשעה.

ווערטער מיט וואַרשעווער אויסלייגונג:
זאַגים — זיינען; טעיג — טעג; דעיאָר — דער; גע — גיב; פאַן —
פֿין; זאַך — זיך; מאַך, מאַך — מיך; ג'באַבאָ — דעם בעכער; עיאָר — ערר־
לאַב — ליב; בערעג — בערג.

## № 11.

דריטער וואַריאַנט.

I. גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק, אין יעקב,
באַהיט דאַן ליב פֿאָלק ישראל אין דאַנים לויב!

[1] 4 שורות פֿון דער הבדלה.

דער ליבאָ הײליקאָ שבת=קודש גײט אוועק,
לאָז שוין צי אינץ קימען אַ גיטע וואָך,
אין אַ געזינטע וואָך, אין אַ געשפּאַזטע וואָך,
מיט אַלע זיסע גיטע נאָב,
האַנט אין אַלע טאָג.

II. שלום, אַל די גמײן!
זאָלסט אינז בענטשן, יינג אין אַלט, אין גרויס אין קלײן.
זאָלסט אינז טיען אַ גיטע פּרנסה באַוואַזן.

III. טאַטי־לעבן אין אימל,
דער לײב טיט שלאָפן – קען מען אים קײמאָל נישט דערוועקן,
נישט מאַן טאַטי=מאַמיס נשמה, נישט מאַני שוועסטאָ אין ברידאָס
נשמות – זאָל קײמאָל קאַ בײז נישט דערשרעקן.

IV. הדס אין בשמים וועלן מאָר טיען שמעקן, –
אין לאַכטינג גן=עדן זאָל מען אינז טיען צים גיטן דערוועקן.

V. השם=יתברך, השם=יתברך נעמט דעם באַכאָ אין דעיאָר ראַכטאָ
האַנט.
אין מאַכט די ברכה איבערן גאַנצן לאַנד,
נאָך אַזוי הויך אין נאָך אַזוי שײן, –
כל=ישראל'ס קינדאָלאָך וועלן זאָגן: אָמן ואָמן!
זאָלן מאָר זוכה זאַן דערלײזט אין דערפרײַט צי ווערן.
שלום אַל די גמײן, דאָס יאָער,
אַז משיח בן דוד זאָל קימען דאָס האַנטיקע יאָער.

VI. אַמאָעל אי געווען אַ פּרימאָ מאָן,
ר'אָט גילאַרנט תורה פין אײביג אָן,
ר'אָט נישט גערעט קאָ טאָג אין קאָ נאַכט,
ס'איז נישט געווען קאָ שטיקאַלע ברויט אין זאַן הויז גערטאַכט.[1]

VII. גײען אַרויס דרײַ קינדאָלאָך,
הײבן=אָן צי ווײנען אין צי בעטן:

---

[1]) זעה אַנמערקונג צו № 9.



רבונו של עולם, קענסט דאָך אַלץ איבערקערן, –
פין אָרים זאָל מען ראַך ווערן,
שלאַפע זאָלן געהײלט ווערן,
קאָ שונא זאָל אין אינץ, חס ושלום, נישט דערפרײַט ווערן.

VIII. אליהו הנביא, אליהו הנביא איז אין אינזאָ הויז;
אַלדים בײז זאָל פין אינזאָ שטיב אַרויס!
אַלדים גיט זאָל אין אינזאָ שטיב אַראַן!
ס'זאָל באַ אינץ אײביג זאַן!

חנה ראָזענפעלד, 18 יאר. ווארשא,

אָרטיגע אײגענשאַפטען:
באַוואַן — באַוווּזען; שוועסטאָ — שוועסטער; ברידאָס — ברידערס;
קאַן — קײן; דרײַ — דרײַ; ראַך — רײַך; אַראַן — אַרײַן; מאָן — מאַן;
האַנט — הײַנט.

---

## № 12.

פערדער וואריאַנט.

I. נאָט פין אברהם, פין יצחק אין יעקב,
פערהיט דער נאָהע[1] פאָלק ישראל דײַנעם לויב.
שבת=קדש גײט=אַוועק, זאָל אינץ קימען די וואָך
צי געזינט, אין צי לעבן, צי יושר, צי כבוד, צי חיים,
צי שלום.

II. אליהו הנביא, אליהו הנביא, אליהו הנביא,
מהר אלינו מלך משיח בן דוד!
השם=יתברך נעמט'ן בעכער[2] אין דער רעכטער האַנט,
מאַכט אַ ברכה איבערן גאַנצן לאַנט,

---

[1]) 3 מאָל די גאַנצע סטראָפע. –

[2]) נעמט דעם בעכער. – אין פוילען פערקירצט מען די פאָרם דעם
פון ארטיקעל אין אַ ב נים בלויז נאָך פּאָרווערטער, נאָך אויך נאָך צײַט-
ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט וואָסער ניט איז קאָנסאָנאַנט (אויסער ט כ'). –

נאָך אַזוי שײן , נאָך אַזוי הויך,
כּל ישראל'ס קינדערלעך זאָלן זאָגן אמן אויך.
אמן, אמן, ס'אָל[1] װערן װאָר;
דער הײליקער משיח זאָל קומען דאָס יאָר![2]
אמן, אמן, ס'אָל װערן װאָר:
די הילף זאָל אָף מיר קומען דאָס יאָר![3]

III. אליהו הנביא, אליהו הנביא, אליהו הנביא,
מהר אלינו מלך משיח בן דוד!
הדס אין בשׂמים עלן מער שמעקן;
אין זכות פֿין שׂרה, רבקה, רחל, לאה;
אין זכות פֿין אברהם, יצחק, יעקב;
אין זכות פֿין אַלע גוטע אָבות, אמהות, —
אוי, רבונו־של־עולם, זאָלען זיך טועָן צו מיר דערקװעקן:
זאָל'מער[4], חס ושלום, נישט בלײבן אין קײן שום נויט שטעקן;
כ'זאָל מער, חס ושלום, נישט ברויכן פֿאַר קײן שום שלעכטס
צו דערשרעקן.

IV. אליהו הנביא, אליהו הנביא, אליהו הנביא,
מהר אלינו מלך משיח בן דוד!
אין זכות פֿין שׂרה, רבקה, רחל, לאה;
אין זכות פֿין אברהם, יצחק, יעקב;
אין זכות פֿין אַלע גוטע אָבות, אמהות, —
רבונו־של־עולם, צו דיר טו איך האָפֿן:
אַ מעטוער[5] פֿון חיים, פֿון שלום, און פֿין אַ גוט לעבן, פֿין אַ
געזונט לעבן, — פֿין אַ לעבן, ס'אָל הײסן געלעבט
אָף דער װעלט, — זאָסטו לאָזן צו מיר אָפֿן![6]

V. אליהו הנביא, אליהו הנביא, אליהו הנביא,
מהר אלינו מלך משיח בן דוד!
צו דיר, גוטער טאַטע, טו איך האָפֿן!

[1] ס'זאָל. — [2] די 2 פֿערזן; — 2 מאָל. — [3] די 2 פֿערזן — 2 מאָל,
[4] כ'זאָל מיך. — [5] טויער (?) — [6] דער 36 זילבּיגער פֿערז — 3 מאָל.



פֿון אַלע גוטע טויערן[1] זאָסטו לאָזן צו מיר אָפֿן.
אַ גוטע װאָך!
אַ געזונטע װאָך!
— — — — —

קאָנסקאַװאָליאַ, (ראַד. גוב.) י. ראָזענפֿעלד.[2]

№ 13.

פֿינפֿטער װאַריאַנט.

I. גאָט פֿין אברהם, פֿין יצחק, פֿין יעקב!
בעהיט, ליבער גאָט, דײן הײליק פֿאָלק ישראל אין דײן לויב,
אַז דער ליבער הײליקער שבת־קדש גײט־אַװעק:
די ליבע װאָך זאָל קומען צו אונס מיט פֿרײד, צו שלום, צו
געזונט, צו לעבין, צו גרויס מזל, צו ברכה און הצלחה,
צו עושר, צו כּבוד, צו חן, צו חסד, צו גוטע ברכות
טובות[3], ישועות טובות ונחמות, צו פֿרײד, צו שמחה,
צו אויסלײזונג אוים דעם ביטערין גלות, צו אַלעם
גוטין גיגינג(?), —
אין דײנע ליבע לאַנגע טעג טועָן מיר האָפֿין.
שטעג און װעג זאָלסטו אונס לאָזין אָפֿין,
ס'טויער פֿין ירושלים פֿין גיבעט פֿיר דער תּפֿלה זאָלסטו
אונס לאָזין אָפֿין.
אליהו הנביא במהרה יבוא אלינו מלך המשיח בן דוד.

II. ליבער גאָט, נעמסט דײן בעכער און דער רעכטער האַנט,
מאַכסט אַ ברכה איבערן גאַנצין לאַנד;
די מאַכסט אַ ברכה איבערן גאַנצין לאַנד.
נאָך אַזוי הויעך, נאָך אַזוי שײן,
כּל־ישראל'ס קינדער זאָלין זאָגין: אמן!

[1] טויערן. — [2] איבערגעגעבן פֿון זײן באָבע, װעלכע איז געשטאָרבן
מיט 10 יאָר צוריק אין עלטער פֿון 85 יאָר.
אָרטאָגראַפֿיע פֿון כתב־יד: האַלב־פּאָלנטיש, האַלב־ליטװאַריש. —
[3] זעה אַנמערקונג צו № 20

אמן! ואמן!! עס זאָל ווערין וואָער:
דער מלך המשיח זאָל קומין דאָס יאָער!

III. הדס אין בשם טיען מיר שמעקין:
אלע הייליקע פרומי אבות זאָלין זיך טיען צו אונס דערוועקין,
זאָלין פאַר אונס לויפין בעטין.
אמן! ואמן!! עס זאָל ווערין וואָער;
דער הייליקער מלך המשיח זאָל קומין דאָס יאָער.

IV. שלום על ישראל! שלום על ישראל!
פרייד און שמחות זאָל קומין אָף אונס און אָף כל־ישראל.
שלום, פריד [1]) אין אלע טאָג.
געבין זאָלסט אונס אַ גוטי נאָב.
אַ גוטי נאָב זאָלסטו אונס געבין,
צו פיל פרייד זאָלסטו דערלענגערין אונזער לעבין.
אמן! ואמן!! עס זאָל ווערין וואָער:
מלך המשיח זאָל קומין דאָס יאָער.
אליהו הנביא, במהרה יבוא אלינו, מלך המשיח בן דוד. [2])

רשדאָם, — אַ רבצין פון מיטעלעך. 75 יאָר.

## № 14.

### זעקסטער וואַריאַנט.

I. נאָט פון אברהם, יצחק און יעקב!
היט דיין ליב פאָלק ישראל דייגע לויב [3]).
זיבען הייליקע טעג זאָלען אונז וואויל באַקומען: [4])
צו אַלדע קראַנקע, צו אַלדע פרומע.
דודי לי, בעהאַצעדיקער שבת־קודש נייט אַהין:

---

[1]) פריד — שלום. — אמת־יודישע פאָרם. רילטיגער פון דעם און ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק אָנגענומענעם „פרידען". —
[2]) 3 מאָל ס'גאַנצע געדיבט. — וועגען אויסלעגעניך — אָנם. צו № 12
[3]) און דיין לויב. — [4]) באַקומען. —



די ליבע וואָך זאָל אָף אונז קומען מיט געזונט, מיט לעבין.
מיט יושר, מיט כבוד, מיט מזל, מיט ברכה
און מיט אַ גרויסע הצלחה
און אונזער לעבע־טאָג.
מאַכט אַ ברכה פיל פערטאָג.

II. נעמט דער ליבער האַר גאָט נ'בעכער אין דער רעכטער האַנט:
און מאַכט אַ ברכה איבערן גאַנצען לאַנד,
גאָך אַזוי הויך, גאָך אַזוי שיין, —
כל־ישראל'ס קינדאַלאַך זאָגען דעראָף: אמן!
אמן! אמן! זאָל אונז ווערען וואָר:
דער הייליקער מלך משיח בן דוד זאָל קומען דאָס יאָר נאָר,
און דערהייכט, און דערלייזט, און דערפרייט זאָל'מע שוין
ווערען דאָס יאָר.

III. מ'זאָל'מער אָנהעבען די לויב פון גאָט.
מ'זאָל'מער האָבען די צען געבאָט,
וואָס משה־רבנו געשאַטען האָט,
וואָס משה־רבנו האָט אַנטפאַנגען. [1])
אָרים און רייך, גרויס און קליין — תורה
על'מער לערנען, סחורה
פאַר זיך אָנגעבריים איז געוואָרען אָף יענער וועלט.
שבת און יום־טוב טאָר מען נישט נעמען נאָר קיין געלט.
זאָל אונז שיקען אַ גוטען אוצר און אַ גוטען גאָב;
שפייזען שפייז מיך היינט און אַלע טאָג;
און אַ גוטע וואָך, און אַ מזלדיקע וואָך,
און אַ לעבעדיקע און אַ געזונטע וואָך
זאָל קומען אָף מיר און אָף מיין מאַן און מיינע קינדאַלאַך
און גאַנצען הויזגעזינד. [2])

רשדאָם. ש. טענענבוים, 65 יאָר.

---

[1]) באַקומען, איבערגענומען (פון דייטשישען — עמפפאַנגען). —
[2]) 3 מאָל ס'גאַנצע. — אָרטאָגראַפיע: ז' אָנם. צו № 12

## № 15.

זיבעטער װאַריאַנט.

I. גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק און יעקב!
בעהיט דײַן ליב פֿאָלק ישראל פֿון דײַנעם לויב:
די זיבען טעג זאָלען אױף אונז קומען צו געזונד און צו לעבען,
און צו אַ גוטע פרנסה טובה [1], צו גליק און צו האָר (?).
און צו אַלעם גוטען געװין.

II. אונזער ליבער האַר־גאָט נעמט און [2] גאָלדענעם בעכער אין
דער רעכטער האַנט,
מאַכט אַ שײנע, ליבע ברכה איבערן גאַנצען לאַנד,
מאַכט אַ ברכה, נאָך אַזױ שײן און נאָך אַזױ הױך,
אַז כל־ישראל'ס קינדערלעך זאָלען זאָגען „אָמן" אױך.
אמן! ואמן!!

III. הדס'ן טוען מיר בשמים שמעקען:
מײַנע פֿרומע אבות זאָלען זיך טוען צו מיר דערװעקען.
אליהו־הנביא, אליהו־הנביא, אליהו־הנביא, זכות־אבות, זכות
אמהות, זכות פֿון אַלע צדיקים; זכות פֿון שרה, רבקה,
רחל, לאה; פֿון אַלע הײליקע פֿרומע אבות, אברהם,
יצחק, יעקב, זאָלען זיך דערװעקען.
אמן! ואמן!!

IV. משיח זאָל קומען צו־רײַטען —
אונזערע בעסטע צײַטען!
משיח זאָל קומען צו־פֿאָרען —
אונזערע בעסטע יאָרען! [3]
אמן! ואמן!!

V. ליבער גאָט,
די זאָלסט געבען אַ גוטע װאָך,

[1] ז. אָנמ. צו № 20 [2] נעמט און — נעמט ב' — נעמט דעם. — ז[עה]
אָנמ. צו № 12, [3] דער פֿירפֿערז האָט װאַריאַנטען בײַ נ.־ם. (№ 11, 12, 15).



אַ געבענשטע װאָך:
מע זאָל דערפֿרײט װערען,
מע זאָל דערלײזט װערען.
אמן!

VI. ליבער גאָט! די זיצסט אין זיבעטען הימעל הױך:
די זאָלסט דיך דערבאַרמען איבער אונז אױך.
ס'טױער פֿון חסד, ס'טױער פֿון רחמים און ס'טױער פֿון
דערבאַרימקײט זאָל אונז שטײן אָפֿען.
אמן ואמן! ס'אָל װערען װאָר:
דער הײליקער משיח זאָל קומען ס'הײַנטיקע יאָר! [1]

פרושטיק, (ראַדאָמער גוב.). — אַ רביצין פֿון שטעדטלעך, 65 יאָר.

---

## № 16.

אַכטער װאַריאַנט. [2]

I. גאָט פֿון אברהם און פֿון יצחק און פֿון יעקב,
דער הײליקער שבת־קודש געט [3] אַװעק, —
און די גוטע װאָך זאָל אונטס קומען,
מסי געזונט און מסי לעבען,
מסי פרנסה. מסי גוטע זאַכן
גוטע בשורות, ישועות און נחמות
און אַלים גוטן געװין,
בזכות אברהם אבינו.
אמן, אמן, אמן!

II. רבונו של עולם!
נעם דעם בעכער אין דער רעכטער האַנד
מאַך אַ ברכה איבערן גאַנטסן לאַנד, —
קראַנקע זאָלן געזונט װערן,
אַלע געזונטע זאָלן פֿאַר קראַנקעט בעהיט װערן.

[1] דאָס גאַנצע 3 מאָל. — אָרטאָג.: ז' אָנמ. צו נומ' 12.
[2] מיטטעלוויגערן. VII. — [3] גײט.

אַזוי זאָלן זײַן אונזערע טײַערע זכות=אבות מײַן דערוויקן,
פֿאַר מיר, און פֿאַר מײַן מאַן, און פֿאַר מײַנע קינדער,
פֿאַר מײַנע שוועסטער, און פֿאַר מײַנע ברידער,
פֿאַר אַלע גוטע פֿרײַנד, און פֿאַר אַלע ידישע קינדער!
אמן! [1]

(זבאַראַוש, גאַליציען). ד״ר מ. פֿרויד.

---

## № 17.

### ניינטער וואַריאַנט.

I. גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק און יעקב'ן,
בעהיט דײַן ליבעס פֿאָלק ישראל אין דײַנים לויב.
אַז דער ליבער שבת=קודש גייט=אַוועק, —
סימן=טוב, אַז די גוטע וואָך װעט צו אונז קומען: —
צו געזונט און פּרנסה, צו לעבן, צו חן,
און חסד, און דין, און צו דת, און טהרת=הלב,
און צו חזקת=אברים, צום אַלעם גוטן געווען [2] אמן סלה.

II. גאַנטס פֿרי שטײַ איך אױף,
השם=יתברך זיצט און זיבעטן הימל הויך.
ליבער גאָט! לאָסט זיך דערבאַרמען איבער מיר,
איבער מײַן מאַן און איבער מײַנע קינדערלאַך: —
אַ גוטן שטעג און וועג לאָסטו מיר באַווײַזן, [3]
מיט דײַן געטרײַע האַנט לאָסטו מיך שפּײַזן,
שפּײַזן זאָלסטו מיך מיט דײַן גנאָד,
האַנט און אַלע טאָג.

III. גאָטעניו מײַן,
נײַ אין מײַן שטוב אַרײַן;

---

[1] דער גאַליציאַנישער נוסח, ווי מיר זעהען, איז נאָהענט צו די ווײַ־שקעווער וואַריאַנטען. — [2] זעה אויבען אַנמערקונג צו נומר 10. — [3] בעצויגען זיך אויף פּסוק פֿון די מוצאי־שבת'דיקע זמירות: „אורח חיים תודיעני״ — זעה נומר 13 (I, 6) און נומר 16 (VI, 4).



מיט אַלעם גוטן זאָל ער אָפּגערעכט ווערן;
נאָר ווי וואָר,
אַז משיח בן דוד זאָל קומען דאָס יאָר.
אמן!

זיסער גאָט!
III. שיק אליהו הנביא מיר אין הויז אַרײַן:
אַלדינג גוטס אונטס אַרײַן,
אַלדינג בעס פֿון אונטס אַרויס,
גוטע זאַכן זאָלן בײַ אונטס זײַן,
פֿאַר שלעכטע זאַכן זאָלן מיר אָפּגעהיט זײַן,
מיט אַלעם גוטן זאָל אונטס גאָט דן זײַן,
מע זאָל מער נישט בײַ קײנעם [1] פֿרעמדן טיש זײַן,
מער זאָלן נאָר פֿון גאָטס האַנט געשפּײַזט זײַן,
מער זאָלן נישט דאַרפֿן קײנעם מקנא זײַן!

IV. רבונו של עולם! [2]
שיק אונטס דרײַ גוטע מלאכים:
ענער זאָל אונטס שפּײַזן,
ענער שטעג און וועג ווײַזן,
און ענער זאָל אונטס בענטשען,
מע זאָל נישט קומען טסו קײן מענטשען.

V. רבונו של עולם!
עך מיר טסו דיר האָפֿן!
אַלע טויערן פֿון'ם בית=המקדש
זאָלן שטען [3] אָפֿן!
אָפֿן זאָלן זיי שטען,
ער זאָל זוכה זײַן אַרײַן טסו גען
און אַרײַן טסו טרעטן,
בײַ דיר פֿיל גוטס אויסבעטן.

VI. ווי אַלע בשמים טון שמעקן,

---

[1] קײן. — [2] IV און V — צו 3 סטל. — [3] שטײן.

זאָסט מאַ אַלע גוּטע בשורות מבשר זאַן,
די קראַנקע זאָסטו הײַלן, די געזונטע זאָסטו בענטשן,
מ'זאָל נישט דאַרפן קאַ גאָב פון קאַ מענטשן.

אליהו הנביא איז אין אונזאַ הויז:
אַלדעם בײז זאָל פון אונזאַ שטוב אַרויס,
אַלדעם גוּץ זאָל אין אונזאַ שטוב אַראַן,
ס'זאָל בײַ אונז אַמבוּג זײַן.[1]

וואַרשאַ. טלפּה חמעלניצקי.[2]

ווערטערבוּכעל:

גאַנטס—גאַנץ; ליבאַ—ליבער; איבאַ—איבער; מאַ—מיר; אונזאַ—אונזער.

---

## № 18

צענטער וואַריאַנט.[3]

I. גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב,
בעהיט דײַן ליב פאָלק ישראל אין דאַנים לויב.
אַז דער ליבער שבת-קודש גײַט-אַהין, —
זאָל די וואָך קומען צו'נ'אַלים גוּטן געזונט.
אמן סלה.

II. אליהו הנביא איז בײַ אונז אין הויז:
אַלדים בײז זאָל פון אונטס אַרויס,
אַלדים גוּטס זאָל טסונ'יטס אַראַן,
און זאָל בײַ אונטס אייביק און אייביק זאַן.

III. וואַרף-אַוועק די מכּה פונ'ים אַזן, —[4]

---

[1]) איטליכע סטראָפע צו 3 מאָל.

[2]) „אַ" — אַנשטאָט דער ענדונג „ער" — כאַראַקטעריסטיש פאַר דער וואַרשעווער (בכלל פאַר דער פוילישער) אויסשפּראַך; „אַ", ווידער, אַנשטאָט דער-וועלביקער ענדונג — אײַנגעשאַפט פון וואָלינער אויסשפּראַך.

[3]) געבוירען אין דרום-רוסלאַנד. [4]) „מיטטיילונגען" IV — [4]) דער ניט פערשטענדיקער אויסדרוק שײַנט צו זײַן פערדאָרבענע רעדאַקציע פון: „דעם שקער פון אײזען" (זעה נומר 9, V 10).



זאָלסט אונטס די וואָך אַן עת-רצון באַוואַזן,
זאָלסט אונטס באַוואַזן, זאָלסט אונטס געבן
די גוּטע גאָב פון אײן אייביקן לעבן.
אמר אלינו משיח בן דוד!

IV. גאָט איז אין הימל אַלײַן;
קײנער[1]) מײנער[2]), נאָר ער אַלײַן!
ער איז אונדזער בישעפער, ער זאָל אונטס דערלײזן
פון צרות, און פון צער און פון אַלים בײזן.

בראָד, (גאַליציען). ד"ר א. לאַנדוי.

וואַריאַנטען:

I, 4 זאָל די וואָך קומען טסו געזונט, טסו לעבן, און טסו מזל, און טסו ברכה, און טסו פרנסה טובה און טסונ'אַלים גוּטן געווין.

II, 2–3 אַלדים בײז, צרות, צער, דלות און דאגות, און אביונות, און אַלערלײַ קראַנקהײַט, און ווײטיק, און אָרימקײַט, און עלנטקײַט, און נויטבאַדערפטיקײַט זאָל פון אונטס אַרויס.
אַלדים גוּטס, פריד און פרייד, שמחה, און עושר, און כבוד, און פרנסה טובה זאָל טסונ'אונטס אַראַן.

III, 2 זאָלסט אונטס די וואָך און דעם חודש אַנ'עת-רצון באַוואַזן.

III, 3 די גוּטע גאָב פון דאַן מילדע גוּטראַע האַנט זאָלסט אונטס שפּאַזן טאָג אָף טאָג.

IV, 3 ער איז אונדזער בישעפער, ער איז אונדזער דערלײזער, ער זאָל אונטס אויסלײזן.

---

## № 19.

עלפטער וואַריאַנט.

I. גאָט פון אַברהם, פון יצחק און יעקב!
היט דײַן ליב פאָלק ישראל פון דײַנעם לוין.[3])
דער ליבער שבת-קודש גײט-אַוועק:

---

[1]) קײנער (אין וואַרשאַ קײנאַ; און וואָלין: קײנאַ, — די גאַליציאַנישע אויסשפּראַך נעהנטער צו דער וואָלינער).

[2]) מײנער (פון „מײן"), — מערער (פון „מער").

[3]) מיט דײַן לוין.

די ליבע וואָך זאָל קומען צו געזונט, צו לעבען, צו מזל,
צו ברכה, אין צו גרוים הצלחה, צו בשורות טובות,
אין צו אַ פּרנסה טובה, צו אַ שטיל געמיט, צו אַ גרינג
געמיט, אין צו אַלעם גוטען געווין.
אמן ואמן. [1]

II. אליהו הנביא זיצט אויוען-אָן,
גאָלד אין זילבער אָנגעטאָן,
נעמט דעם בעכער אין דער רעכטער האַנט,
מאַכט אַ ברכה איבערן גאַנצען לאַנד,
נאָך אַזוי הויך, נאָך אַזוי שיין,
כּל-ישראל׳ס קינדעלאַך זאָלען זאָגען: „אמן!
— אמן ואמן, ס׳זאָל ווערען וואָר:
המלך משיח זאָל זוכה זיין קומען ס׳היינטיקע יאָר. [2]

III. רבונו-של-עולם! זיצסט אין זיבעטען הימעל הויך, —
דערבאַרעם דיך איבער מיין מאַן, איבער מיינע קינדעלאַך,
איבער מיין טאַטען, איבער מיין מאַמע, איבער מיינע
שוועסטערען, איבער מיינע ברידער אין איבער מיר אויך.
אַ שטעג אין אַ וועג זאָלסט אונז ווייזען,
מיט דיין ליבע, געטריַיע האַנט זאָלסטו אונז שפּייזען.
געשפּייזט אין גענערט זאָלען מיר ווערען פֿון דיינעם גאָב
היינט, ליבער גאָט, אין אַלע טאָג. [3]

רשדוֹן. אַ ייִדענע, 60 יאָר.

№ 20

צוועלפֿטער וואַריאַנט.

I. גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק אין יעקב,
באַהיט דאָן ליב פֿאָלק ישראל אין דאַנים לויב!

[1] די גאַנצע סטראָפֿע 3 מאָל. — [2] 4 פֿערזען 3 מאָל. — [3] [illegible] פֿון כתב-יד, — ליטעראַריש מיט אייניגע אויסשפּראַכישע אויסנאַמען.



דער ליבע אַרציקע [1] שבת גיים-אַוועק, —
אַז די ליבע וואָך זאָל אונז קומען —
צו געזונט, אין צום לעבן, אין צו מזל,
אין צו ברכה, אין צו אַ גוטע פּרנסה,
אין צו שלום, אין צו גוטע בשורות-טובות, [2]
צו אַלעם גוטן געווען. [3]
אמן, ואמן,
מלך המשיח בן דוד!

II. גאָט איז איבאַ אונדז אַלע,
צו דיר טוען מיר האָפֿן,
זאָסט אונדזערע [4] תּפלות דאהערן,
זאָסט אונז פֿיל גוץ באַשערן, —
זאָסט אונז באַשערן,
מיר זאָלן זאָך קענען ערנערן
פֿון דפֿן כּשר׳ע מילדע האַנט.
אמן ואמן, מלך המשיח בן דוד!

III. נעמט השם-יתברך דעם גילדענעם באַכאָ אין זאַן ראַכטאָ האַנט,
אין עיאָר מאַכט די ברכה איבערן גאַנצן לאַנד, —
זאָגן כּל-ישראל: „אמן, אמן!"
דעיאָר אמן זאָל-אונדז, ליבאָ גאָט, וואויל אָסגיין!
אמן, אמן — זאָל אונדז ווערן וואָער:
אַז די גאולה זאָל קומען דאָס האַנטיקע יאָער.
אמן ואמן, מלך המשיח בן דוד! [5]

וואַרשאַ. פֿיינאַ צופּקאָוויטש, 60 יאָר. [6]

№ 21.

דרייצעטער וואַריאַנט.

I. גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק אין יעקב.

[1] האַרציקער. — [2] אַנ׳אויסדריק אַלאַ: „מיט-אחרונים-וואַסער". — [3] זעה אָנמערקונג צו נומר 10. — [4] אונזערע. — [5] יעדע סטראָפֿע צו 3 מאָל.
[6] האָט איבערגענומען נאָך פֿון איר באָבע.

באַהיט דאָן ליב פאָלק ישראל אין דאַנים לויב!
דעיאָר ליבאָ הײַליקאָ שבת-קודש נײַט אוועק, —
די ליבע וואָך זאָל צי אינדז קימען, צים געזינט,
אין צי אַ געזינט לעבן, אין צי פרנסה-טובות, שלום, צי אַלעם
גיטן געווין, — אמן סלה!

II. צי דיאָר טיען מאָ האָפן,
אין דיאָר טיען מאָ זאָך פאַרזאַכערן [1];
צי דיאָר איז גיט צי האָפן.
דאָס טויאָ פין אינדזאָ געבעיט זאָל אַלעמאָל זאַן אָפן!

III. מ'נעמט דעים באַלאָ אין העיאָר ראַלטאָ האַנט,
אין מ'מאַכט אַ ברכה איבאָרן גאַנצן לאַנד,
נאָך אַזוי הויאָך אין נאָך אַזוי שיין,
משיח בן דוד'ס קינדאָלאָך זאָגן-נאָך: אמן!
אמן, אמן, ס'אָל זאַן וואָער,
משיח בן דוד זאָל קימען האַנטיקס יאָער. [2]

ווארשא. בעלע ראָזענטאַל.

## № 22.

פערצעטער וואַריאַנט. [3]

גאָט אברהם, יצחק און יעקב [4]
בעהיט דיין פאָלק ישראל אין דיינעם לויב.
אַז דער ליבער שבת-קודש גייט דאַהין —
די וואָך זאָלל אונז קוממען צו מזל אונד ברכה,
אונד אַללעם גוטען געווינן —
אַללע בייזע לייט, די אויף מיר שטיין,
מעכטען, חס ושלום, זעהן,
עס זאָלל מיר איבעל גיין;
אבער דו, מיין גאָט,
ביזט מיין האָרט אונד מיין טראָסט.

[1]) פערזיכערן. — [2]) יעדע סטראָפע באַזונדער — 3 מאָל. —
[3]) „מיטטיילונגען", III. — [4]) זעה האַגאָדעהער „גאָט פון אברהם" (אָנמערקונג צו נומר 8).



וואַס קיינען מענשען ניט פערלאָסט;
דו זיטצט אין דער הייך
און קוקסט אין דער נידער,
מיט איינער האַנד שטראָפסט דו,
מיט דער אַנדערען שיקסט דו די היילונג ווידער.
ברוך הוא, ברוך הוא, אמן ואמן.

פּאָזען, (דײַטשלאַנד). פּראָפ. ד"ר לאַצאַרוס.

## № 23.

פינפצעטער וואַריאַנט.

I. גאָט פין אברהם, פין יצחק אין פין יעקב!
באַהיט דיין פאָלק ישראל, באַשיץ זיי מיט דיין לויב.
דער ליבער שבת-קודש גייט-אַוועק, —
די וואָך זאָל קימען אָף אינדז: צי געזינט אין גליק,
צי בשורות טובות אין אַלעם גיטען.

II. רבונו-של-עולם! מיין זין [1]) איז שוין אַלט 18 יאָר:
ער איז העערש [2]) אין האַלבען אַלף-בית קלאָר.
ל'בעט דיך נאָכאַמאָל, אַז מיין טאָכטער שאָשע זאָל ווערען
אַ כלה דאָס יאָר. [3])

III. אליהו הנביא זיצט אויבען-אָן,
אין נאָלד אָנגעטאָן.
ער האַלט דעם כוס אין דער רעכטער האַנט,
מאַכט אַ ברכה איבערן גאַנצען לאַנד,
נאָך אַזוי הויך, נאָך אַזוי שיין,
כל-ישראל'ס קינדאַלאַך זאָלען נאָכזאָגען: אמן! [4])

ראַדאָם. X. Y. 50 יאָר.

## № 24.

זעכצעטער וואַריאַנט.

גאָם אַברם, יצחק און יעקוב.

[1]) זוהן. — [2]) ערשט(?). — [3]) די 3 פערזען — פערזענליכער עלעמענט.
[4]) דאָס גאַנצע — 3 מאָל. — אָרטאָגראַפיע פון כתב-יד, — ליידער ניט נאָך דער אויסשפּראַך.

בעהיִט דײַן פאָלק ישראל איִן דײַנעם לויב!
די זיִבען טעג זאָללען קאָממען
צו מזל, צו ברכה, צו עושר, צו כבוד,
צו געזונד, צו לעבען, צו פרנסה,
צו גוטען געוויִנן!
אמן ואמן, סלה!
ליִבער הערגאָט, דו זאָללסט מיִך בענשען,
דאָסס איך זאָלל ברויכען קײַנע מענשען.
דו זיִטצט זאָך הויך און זעהסט דערניִדרער,
מיִט אײַנע האַנד שטראָפסט דו,
מיִט דע אַנדרע העלפסט דו וויִדרער.[1]

פיִלנע. N N („מיִט", III)

№ 25.

זיִבצעטער וואַריאַנט.[2]

גאָט פיִן אברהם, פיִן יצחק איִן פיִן יעקב'ן,
בעהיִט דאָן ליִבעס פאָלק ישראל איִן דאַניִם לויב!
אז דער ליִבאַ שבת=קודש גײַט אַוועק —
סימן טוב, אַז די גיִטע וואָך וועט ציִ איִנדז קיִמען,
ציִ מזל, איִן ציִ ברכה,
ציִ געזיִנט, איִן הצלחה,
ציִ עושר וכבוד, למחילת עונות,
ציִ בשורות טובות, ישועות ונחמות,
ציִ אַלעם גיִטען געוועזן.[3]

וואַרשאַ. גאָלדע חמעלניִצקי.

№ 26.

אַכצעטער וואַריאַנט,[4]

גאָט אברהם, יצחק אונד יעקב,

[1] פערגלײַך № 22. — [2] הגם „גאָט פון אברהם" איז אַ ספּעציעל װײַבערישע תפלה, איז דער דאָזיגער וואַריאַנט געוועזן דאָס באַליבטע געבעט פון מאַקאַראָווער רבי'ן. — [3] זעה אַנמ. צו № 10. — [4] „מיִטטהײַלונגען", III.



בעהיִט דײַן פאָלק ישראל איִן דײַנעם לאָב!
די זיִבען טאָג זאָללן אונז בעקאָממען
צו גליִק און צו הײַל,
אויך צו אונז און אַללען פראָממען;
דאָס דער שבת=קודש גײַ דאַהיִן,
די וואָך קוממט צו שלום אָן,
געזונד און צו געוויִן.[1]

אַלטאָנאַ, (דײַטשלאַנד). י. ה. וואַגנער.

№ 27.

נײַנצעטער וואַריאַנט.

גאָט פיִן אברהם, פיִן יצחק, איִן יעקב,
דער ליִבער שבת=קדש גײט=אַוועק — זאָל קיִמען די ליִבע וואָך
ציִ געזיִנט,
ציִ מזל, ציִ ברכה, ציִ עושר איִן כבוד, ציִם ליִטען געוויִנט[2]
נעם דעם בעסער איִן דער רעכטער האַנט,
מאַך אַ ברכה איִבערן גאַנצען לאַנד,
נאָך אַזוי הויך, נאָך אַזוי שײַן,
כל=ישראל זאָלען זאָגען אמן.
אמן, אמן! ס'אָל ווערען וואָר:
דער הײַליִקער משיח בן דוד זאָל קיִמען דאָס יאָר.
אַ גוטע וואָך!...

פויערושביִצע, (ראַד. גוב.) מאַניע=גיִתע, 65 יאָר.

№ 28.

צוואַנציִגסטער וואַריאַנט.

גאָט פיִן אברהם, יצחק איִן יעקב,
איִך, דאַן קנעכט,

[1] דער אַכטער פערז וואָלט בעדאַרפט קומען אין פערדען, וועלכער זאָל קליִנגען אַזוי: „צו גליִק און צו געזונד און צו געוויִן און צו הײַל!"...
[2] געוויִן (אַנאַלאָגיִע: ס'וואַרשעווער אָל ײַנט אָנשטאָט אַלײַן).

מיִ פֿאַ דיִאַר יעָצט בעָטן:
דעָיאַר ליִבאָ שבת=קוֹדש
טיִט פֿין איִנז יעָצט אָפּטרעָטן.
איִן מיִטן די גאַס
שטיַיט אַ לײַטאָ,
אָף די לײַטאָ
העָנגט אַ טראָמפּײַטאָ.
ליִבאָ גאָט,
טראָמפּײַטאָ נאָך,
אַז משיח זאָל קיִמעָן
איִווּדיִוואָך!

סאָלאַטשעָוו. וו. ראָזענבערג.

ווערטער: פֿאַ – פֿאַר; לײַטאָ – לייִטער; טראָמפּײַטאָ – טראָמפּייִטער.

---

№ 29.

איינאונצוואַנציִגסטער וואַריאַנט.[1]

גאָט פֿיִן אברהם איִן מלך המשית,
זאָלסט זײַן פֿיִר איִנז אַ גיִטעָר שליח!
אליהו הנביא זיִצט אָף דעָר לײַטעָר
איִן פֿאַפֿט אָף דעָם טערמעָטעָר:[1]
פֿאַף אַ ביִסל נאָך!
לאָמעָר האָבן אַ גיִטעָ וואָך![2]

זאַלאָסצעָ, (גאַליִציָען). N N

---

№ 30.

צווייאונצוואַנציִגסטער וואַריאַנט.

גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק און יעקב!
דעָר ליִבעָר שבת=קוֹדש גײַט=אַוועָק,

[1] „מיִטטײַלונגען" IV. – פֿערגלײַך № 24. – [2] טראָמפּײַטער. [illegible] וואַריאַנט פֿאַראַן בײַ ג.־ם. № 32.



די זעקס טאָג וואָך קוּמען אָן:
זעה, ליִבער גאָט, צו שיִקען דײַן מלאך מושיע,
ער זאָל אויסלייזען דײַנע פֿערוואָגעלטע קיִנדער
פֿון דעם שווערען יאָך פֿון גלות,
און זיי ברענגען אַ נחמה פֿאַר אַלע זײַערע צרות.
דערווײַל, ליִבער גאָט, פֿערזאָרג זיי מיִט אַ פרנסה טובה,
ולא בצער, מיִט יראת שמים, מיִט מעשים טובים,
און מיִך אויך בתוכם... אמן![1]

אַ גרויסע שטאָדט אין פּוילען. N N

ווענען „גאָט פֿון אברהם" אַ ריִרענדיִג ביִלד בײַ מענדעלי-מוכר-ספרים, אין „וויִנשפֿיִנגערל" (אַמעריקאַנער אויסגאַב, ז' 108):

... „אין דער היים בײַ זיך זיצט אָף דער מילבדיקער באַנק דאָס ווײַב, פֿאַרלייגט די הענט און די פֿיס אונטער זיך. ס'איז פֿינסטער. אַ ליכטיגער פּאַס פֿון דער לבנה שײַנט אַרײַן דורך אַ פֿענסטערל, אַפּשלאָגענדיג זיך אַקעגען אָף דער וואַנט, אָף דער סטעלע, און שאָטענס פֿון משונה'דיגע געשטאַלטען טאַנצען, שפּרינגען, מאַכען-אָן עפּיס אַ מורא אָף די אַלע קינדער, וואָס שטיקען זיך צונויף און איינעם, ווי די דערשראָקענע שעפֿעליך, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, איינס מיט דעם אַנדערען ניִשט צו רײדען קיין וואָרט. שאַ, שטיל! נאָר אַ פּאָר גרילען גרילצען זיך איינע מיט דער אַנדערער איבער פֿון די שפּעלטליך ערגיץ אין אַ ווינקעל. דאָס ווײַב זיצט פֿאַרטראַכט, שאָקעלט מיט דעם קאָפּ און געמט זיך דערנאָך זאָגען מיט אַ געניץ: „גאָט פֿון אברהם... אַז דער ליבער שבת-קודש געהט אַהין"... אָף אַ טרויעריגנענדיק קול. – איין עק, הייסט עס, אַ סוף!... מען רײַבט, רײַבט מיט קונצען עפּיס אַ מין שוועבעלע, אַ צווייטס, אַ דריטס, ביז עס ווערט זיך מיט אַ בײַזער און אַ רויך, אַ געשטאַנק אַ בלוי-רויטליך פֿײַערל, בײַ וועלכען מען זינגט נאָך פֿיל מיה און אַ חלב'דיק גראָשען ליכטיל!"...

---

[1] דעם צוּשטעלערס עלטער-עלטער-ווײַדע און עלטער-ווײַדע, רבנים פֿון דער שטאָדט, האָבען דאָס-געזאָגט פֿאַר הבדלה, הויך, מיט אַ ניגון.

די אָרטאָגראַפֿיע, לײַדער, ניִט לויט דער אויסשפּראַך, נאָר ווי [illegible] דער ליטעראַטור אָנגענומען.

## № 31[1])

I. אַנפאַנגען[2]) װעלן מאַר צי לױבן אינדזאַ הײַליגן גאָט,
דער[3]) װאָס אינדז דערװײַלט האָט —
אין האָט אינדז די תּורה געגײַבן, מיט אירע צען געבאָט.

II. בעשײַדן[4]) װעל עך די זאַך גאַנץ אין גאַר,
װי עס האָט זיך מיט אינדזאַ תּורה דערגאַנגען װאָר:
זײַ פערבאָרגן[5]) פין בריאת־עולם אָן צװײ טױזענט יאָר —
אין דערנאָך איז זי אינדז געגײַבן געװאָרן גאַנץ אין גאַר.

III. גאָט דער אַלמעכטיגאַ װאָר[6]) זײַנע מלאָכים פרײַגן:
— זאָל עך די תּורה אַף די ערד גײַבן?"
צװי באַלד ענטפאַרן די מלאָכים אַלע צינגלאַך[7]):
— גאָט, גאָט, לאָז דאָך דאָן שױנהײַט אָן הימל זאָן רײַך!"[8])

IV. דאָ שפריִכט[9]) גאָט צי די מלאכים:
— די תּורה אײַך גײַבן — דאָס קען ניט זײַן:
איך װיל פין די, װאָס אַף דר'ערד, אױך געלױבט זײַן;
זאָלן זײַ װיסן, אַז קײנאַ איז קײן גאָט, נאָר איך אַלײַן...[10])

V. הײַבן אָן די מלאכים צי זאָגן צי גאָט:

[1]) װערט געזונגען דערעיקר'שט אים שבועות. —
[2]) געװענטליך געברױכט מען אין יידישען דאָס צײַטװאָרט: אָנהײבען. — אָנפאַנגען איז שױן מער דײַטשיש. —
[3]) דאַרף זײַן: דעם. —
[4]) דערצײלען. —
[5]) זײַ פערבאָרגען — איז געװיזען פערבאָרגען — אַ פּנים, פערגרײַזט פון אַ דײַטשישער פאָרם (פערף. קאָנ. אקט.: זײַ געפאָלגט; פערף. קאָנ. פאַס.: זײַ געלאָבט װאָרדען).
[6]) װאָר פרעגען — האָט געפרעגט, האָט גענומען פרעגען. — קענטיג, אױך פערגרײַזט פון אַ דײַטשישער פאָרם.
[7]) צוגלײַך.
[8]) פילײַכט: אין הימל, דײַן רײַך (?). —
[9]) רײַן־דײַטשישע פאָרם (פרעז. אינד.). —
[10]) דער פערז — בים. —



— די, האַר פין דער גאַנצאַ װעלט!
װי זאָלסטי גײַבן אַזעלכע הײַליגקײַט צי לײַט, װאָס זענען פין ערד געשטעלט?
גיב זי אינדז — מיר װעלן זאַך בעמיען אין איר אַף אינזאַ װעלט."

VI. װי באַלד דער אַלמעכטיגאַ גאָט טיט דאָס פין זײַ הערן,
אַזױ באַלד ענטפאַטי[1]) ער די מלאכים:
— איך זאָג אײַך גאַנץ קלאָר אין װאָר:
איר קענט ניט האָבן די תּורה, איר קענט ניט האָבן די תּורה
װײַל אין מצרים זענט איר דאָך ניט געװען נאָר!"[2])

שעדלעץ. יעקב פישמאַן.

## № 32.

הערט זשע צי, רבותי, װאָס איך װעל אַך[3]) דערצײלן:
איך װעל אַך אַ מעשה דערצײלן —
די מעשה װעט אַך שען גיפעלן
די מעשה הײבט זיך אָן שען אין פרײלאַך, —
אַ מעשה װעל איך אַך דערצײלן פין אַ יידעשן מלך.
אַ יידעשער מלך אָט גיאַט אײנאײנאײנציג טעכטערל,
די טעכטערל — דאָס איז די תּורה.
די תּורה אָט מען גיטראָגן צװישן די גוים,
נאָר זײ זאַנען גרױסי רשעים —
ניט גיװאָלט אָבן זײ די תּורה מקבל זאַן,
אין אָבן ניט גיװאָלט זאָגן „על נטילת־ידים".
אָט מין זי גיטראָגן צװישן די פריצים —
זײ זאַנען זײער גרױסי שרצים, —
מין אָט גיװאָלט, זײ זאָלן די תּורה מקבל זאַן,
אָבן זײ גיזאָגט אַלערלײ תּרוצים.

[1]) ענטפערט. — [2]) 6 כּמראָפען נאָכן אלף־בית. — [3]) אײַך.

אַט מיִן זיִ גיִטראָגן צווישן דיִ ייִדן,
אָבן זיִ דיִ ייִדן מיִט חדוה מקבל גיִווען.

סלאַוואוטע, (וואָלין). יעקב סקאָלעצקי.

י אַנשטאָט עֶ אין פרעפיִקס נעֶ — זער אַ פאַרשפּריִיטעֶ ערשיִינונג (אין דרום-רוסלאַנד, ווי אויך אין ליטאַ). —

מיר איז אויסגעקומען צו זעהן צוויי קלייִנע ביכלעך, געדרוקטע אין ווילנא, אין 1864-טען יאָר, אנאָנים, פאַר'ן המון-העם, אָהן אַ וואָסער ניט איז ליטעראַרישען ווערט, אָבער מיט מערקווירדיג אייִנפאַכיקען, פעסטען און אויס-געהאַלטענעם אויסלעגעכץ (1 „דער מלמד ר' חייקעל יענטעס פון דער שטאָט ציוסק"; 2) „דער בדחן"), — אויך דאָרט קומט אַ יִ אַנשטאָט עֶ אין דער-מאָנטען פרעפיִקס (גיִקנעלט, גיִברענט), ווי אויך אַנשטאָט'ן שטומען עֶ אין דער ענדונג ען (גיִרופיִן, גיִגעסיִן, לעביִן). —

ענליך אויסלעגעכץ אין סדור „מנחה חדשה", ווילנא, תרנ"ג, (גיִדריקט, גיִזעץ, גיִשטעלט, גיִפיִנט, אויסגיִרעכיִנט, גיִדאַנק, גיִטאָן, גיִגעבען, גיִשטאַר-בען), און אין אַ סך אַלטע ספרים. —

№ 33.

וואַריאַנט.

I. — מאַן פאָטער אָט מאַ געטיִן ערלאָבן [1],
„יאַך זאָל מאַ אַ חתן אָסקלאָבן [2].
„כ'בין געבליבן באַם פאָטערס רייִד,
„כ'בין געפאָרן אין דער לענג, אין דער בריִיט, —
„כ'אָ [3]) מאַ נישט געקענט קאַ חתן אָסקלאָבן:
„אייִנער — אַ רויטער, דער אַנדערער — אַ גריִנער.
„דער דריטער איז גאָר נישט קאַ בעל-יחסן,
„יאַך אָ געמייִנט באַלד,
„אַז יאַך חאַפּ עֶים מיט'ס' געוואַלד"...

II. ר' מאָשקע [4]) איז געקימען,
אין מ' אָט שליחות גענימען, —
מ'אָט דיִ תורה אָף באַרג סיני אַראָפגענימען...

[1]) ערלויבען. — [2]) אויסקלויבען. — [3]) כ'האָב. — [4]) משה-רבנו.



III. לאָמאָ זאַך פרייען, ייִדאַלאַך אַלע,
הייליקע ייִדאַלאַך אַליין!
תורה, ייִדען, משה רבנו, —
הייליקע ייִדאַלאַך אַליין!...
לאַי-דאַי-דאַי! לאַי-דאַי-דאַי!...[1])

מאָלאַטשעוו. וו. ראָזענבערג.

№ 34.

| | |
|---|---|
| דיִ מאַמע אָט נעהייסן | Kasala mateczka |
| ניסעלעך פין בוים אָפּראַסן. | Orzeszki rwac; |
| ציִ הויך זענען דיִ ביימאַלאַך; | Ale wysokie liscinki, |
| ציִ קליין זענען דיִ ייִדאַלאַך, — | A za nizkie chlopcinki,— |
| זיי קענען נישט דערגרייכן, | Trudno sie dostac, |
| זיי קענען נישט דערגרייכן... | Trudno sie dostac... |

פולטוסק. דער חסיד.

געווען ס'באַליבטע ליד פון אַוויגערופענעם „קלייִנעם רבי" (ר' בער פון דראָשין).

ער פלעגט עס אָפט זינגען — פריִער אָף ייִדיש, דערנאָך אָף פּויליש.

ר'איז בכלל געווען אַ ליבהאָבער פון פּוילישע אויסדריקען און ווערטער.

פאַראַן אַ סך אַנעקדאָטען מכח דעם. —

למשל: אַמאָל פאָרט ער, און אין מיטען וועג ווערט דיִ פור פער-כריזונעט אין בלאָטע. דער אַנשטאַטסער, אַ פּוילישער פויער, בעט אים, ר'זאָל אים העלפען ארויסציִען, ענטפערט דער רבי: „ניע מאָגע" (כ'קען ניט). — בעמערקט דער פויער: „מאָזעש, אַלע ניע חצעש" (דו קענסט. נאָר דו ווילסט ניט). — אַהיים קומענ-דיק, דערצעלט דער רבי: „כ'האָב היינט געהערט תורה פון אַ פויער". איבערגעבענ-דיק דעם עפּיזאָד, איז ער מסביר: „מאָזעש, אַלע ניע חצעש, — מיר קענען דינען דעם רבונו של עולם, נאָר מיר ווילען נישט". —

ס'ליד באַציט זיך אָפ'ן פסוק פון „שיר השירים": „אל גנת אגוז ירדתי לראות באבי הנחל, לראות הפרחה הגפן, הנצו הרמונים". —

איבערהויפט ווערט עס געזינגען בא דיִ חסידים — פסח.

[1]) וואַריאַנטען בא ג.-ס. №№ 2, 3, 4.

## № 35.

### אמר ה' ליעקב. [1])

I. נאָט האָט געטין יעקב'ן זאָגן:
„האָב פאַר דאַנע [2]) שונאים ניט קין מורא, —
„איך װעל זײַ פֿין דיר אַלע פֿאַריאָגן, —
„די בינסט באַ מיר אָסדערװעלט [3]) װי די בעסטע סחורה.
„אַך יעקב, מאַן טײַער קינד!
„מי נאָר מיר אַ ביסעלע בײַטן [4]), —
„װעל איך דיר אָסלײַזן פֿין גלות געשװינד;
„אָף דאַנע סטעצקעס [5]) װעט יעדערער טרײַטן [6]);
„עס װעט נאָך קימען אַזעלכע טעג —
„די װעסט האָבן אַ מלוכה פֿין דיר אַלײַן;
„איך װעל דיר גײַבן אַ שײַן פֿערמעג [7]),
„װאָס אָף דער װעלט װעט האָס זאַן [8]) שײַן".

II. רבונו־של־עולם, טי דאָס געדענקען,
אז אינז זאָלן נאָך װערן דערפֿרײַט,
אז די שונאים זאָלן קיקען אין קרענקען,
װי אָף זײַ װעט קימן צרות אין לײַד.
װי ניט זענען די געצעלטען [9]),
װאָס די ידן זיצן אין לערנען תורה!
דערפֿאַר זאָלן זײַ האָבן בײַדע װעלטן,
דערפֿאַר װאָס זײַ האָבן פֿאַר דיר מורא;
באַ די ידן געפֿינט זיך ניט קין מיאוסע זאכן, —
מי ניט אַ קיק באַ זײַ די זינד.

[1]) דער צונשטעלער האָט עס געהערט זינגען פֿון אַ חסידיש קעסטקינד בשם רבינ'ס מלוה־מלכה.

[2]) דײַנע. — [3]) אויסדערװעלט. — [4]) בעטען. —

[5]) פּויליש: stezka, stedzka, steczka, stecka, scieżka (שטעג). —

[6]) טרעטען — [7]) אמת־ידיש אנשטאָט'ן פֿערדײַטשטען, אין ליטעראַטור־שפּראַך אָנגענומענעם: „פֿערמעגען" (אויך איז „פֿערבראָך" ריכטיגער אלס „פֿערברעכען"). —

[8]) זײַן. — [9]) „מה טובו אהליך, יעקב"... (במדבר, כ"ד, ה').



זײַ טיען ניט קין כשוף־מאַכן,
לײַז זײַ שוין אָס [1]) פֿין גלות געשװינד.

III. װער קען איבערצײַלן די ידן?
זײַ זענען, קין עין־הרע, זײער אַ סך!
רבונו של עולם, האָסט דאָך געשװאָרען, אז די װעסט זײַ שטעלן צופֿרידן, —

מאַך זײַ שוין גיך ראַך [2])!
רבונו־של־עולם, טי זײַ די זינד פֿערגעבן,
טי זײַ קין ארץ־ישראל װידערקערן:
אז זאָלן װיסן פֿין אַ גיט לעבן,
װעלן זײַ בודאי דיר ציהײַרן [3]).

IV. רבונו־של־עולם, גײַ ניט מיט די ידן מיט קין בײזקײטס,
נאָר מיט גיטנס!
טי זײַ שוין פֿין גלות אָסלײַזן,
טי אָף זײַ אַ הילף געבײטנס [4]).
דאָס קול איז דאָך פֿין יעקב דאַן קינד [5])!
די ידן זינגען צי דיר מיט אַ פֿיל מאָל! [6])
לײַז זײַ שוין אָס פֿין גלות געשװינד!
לײַז זײַ שוין אָס פֿין גלות געשװינד!

שעדלעץ. ‏ י. פּישסאָן.

„אַל תירא עבדי יעקב" — זעהר אַ פּאָפּולערער מאָטיװ אין דער ידישער פֿאָלקספּאָעזיע. אײַן װאַריאַנט (לשון־קודש־ידיש־רוסישער) פֿאַראַן בא ג.־מ. (№ 19). דער ערשטער פֿערז I באַציט זיך אָף בראשית, ל"א, י"א.
די גאַנצע סטראָפֿע I — בראשית, כח, י"ג—ט"ו. —
פֿאַראַן אַן „אַל תירא עבדי יעקב" (10 אַכטפֿערזיגע סטראָפֿען) פֿון אײנעם אַ בדחן ישראל־יצחק ציפּערשטײַן („דרײַ נײַע לידער": 1) דער לוסטיגער דלגת; 2) אַל תירא עבדי יעקב; 3) היום שמואל דעם נביא'ס. — פֿערלאַג און אײגענטום פֿון יהודה ליב מאָרגענשטערן. — װאַרשא, תר"ס).
דער אַרויסגעבער האָט מיך פֿערזיכערט, אז אַלע דרײַ לידער געהערן

[1]) אונס. — [2]) רײַך. — [3]) צוהערען. — [4]) געבעטענס — מיר בעטען (אַנאַלאָגיש: פֿערגעבענס — מיר בעטען אום פֿערגעבונג, אום פֿערצײַונג; פֿערגיבט אונז, פֿערצײַט אונז).

[6]) „הקול קול יעקב" (בראשית, כ"ז, כ"ב). — [6]) מיל. —

צו דער פאָלקסשאַפונג — „קריכען ארום צווישען עולם", נאָך זײַן אויסדרוק, — דער ציפערשטײַן זאָל, הײַסט עס, זײַן בלויז זײַער פערשרײַבער.

דער „אל תירא" פערמאַגט סטראָפען, װירקליך נאָהענטע צו דער אויבענגעדרוקטער רעדאַקציע. אײַנליכע שלײַסט זיך מיט׳ן טײַטעלפערז (אין ג.־מ. וואַריאַנט־דער דריטער אין אלע סטראָפען). — כ׳שטעל דאָ פונדעסטוועגען ס׳ליד נישט ארײַן, ווײַל כ׳בין נאָך ניט אײַנגאַנצען זיכער, אז דער דערמאָנטער בדחן איז נישט זײַן מחבר. —

## № 36.

וואַריאַנט.

„אמר ה׳ ליעקב!"<br>
יאָ, טאַטע, יאָ!<br>
האָסט דאָך אונז צוגעזאָגט:<br>
„אל תירא עבדי יעקב!"<br>
נײַן, טאַטע, נײַן!<br>
מיר זאָלען פאַר קײנעם קײן מורא נישט האָבען,<br>
נאָר פאַר דיר אַלײן!

גאַליציען. בנימין זאב װענעל.

## № 37.

I. אברהמוניו, טאַטוניו נאַש[1])!<br>
טשעמו ניע פראַשעש פאַנאַ באָהאַ זאַ נאַס?[2])<br>
אַלבאָ נאַס װיקופּעטי, [3])<br>
אַלבאָ נאַס װיזװאָלעטי, [4])<br>
נאַשי חאַטי [5])<br>
בודאָװאַטי, [6])<br>
לארצנו נאַש! לארצנו נאַש!

[1]) אונזערער. — [2]) פאַרוואָס בעטסטו נישט גאָט פאַר אונז. — [3]) אָדער אונז אויסקויפען. — [4]) אויסלײַזען. — [5]) אונזער שטוב. — [6]) בויען. —



II. יצחקוניו, טאַטוניו נאַש!... און ז. װ. (װי אין I).

III. יעקבוניו, טאַטוניו נאַש!... און ז. װ. (װי אין I).

IV. משה׳וניו, פּאַסטוכוניו נאַש!... און ז. װ. (װי אין I).

V. דוד׳וניו, קרוליוניו[1]) נאַש!... און ז. װ. (װי אין I).

גאַליציען. ב. ז. װענעל.

## № 38.

וואַריאַנט.

I. אַברמעניוניו דיעדקו[2])!<br>
פּאָטשעמו ניע פּראָסיל טי באָגו נאַס[3]),<br>
טשטאָבי נאַס װיזװאָלילי[4]),<br>
לארצנו פראָװאָדילי[5]),<br>
לארצנו נאַש?

II. יצחק׳ניוניו, קרבן באַש!... און ז. װ. (װי אין I)

III. יעקב׳ניוניו באַט׳קו!... און ז. װ. (װי אין I)

װאַרשא. נ. טראָקענהײם.

## № 39.

I. ירושלים, ירושלים, סלאַװני גאָראָד<br>
ליודי יעװאָ חװאַלילי.<br>
מי טאָם פּיעלי, מי טאַם פּילי,<br>
מי טאַם באָגאַ מאָלילי;<br>
באָ טרי ראַזאַ װ׳קאַזשדים גאָדו<br>
מי טאָם זאַחאָדזילי;

[1]) קעניג׳ל. — [2]) זײדעניו. — [3]) פאַרוואָס נישט געבעטען גאָט פאַר אונז? — [4]) ר׳זאָל אונז אויסלײזען. — [5]) בעגלײט. —

מנאָגאָ אָווצי, מנאָגאָ דיענני
מי טאַם פּאָלאָזשילי.
עָי חאַיטקו!
עָי באַיטקו!
וויבודוי נאַם באַיטקו!
וויקופּלוי נאַם חאַיטקי!

II. חאַיטקאַ בודיעָט וויקופּליאָני,
באַיטקאַ בודיעָט וויבודאָוואַני,
הללויה! [1])

פּאָלאָטשעָוו.

פּנחס גראָזבארד.

---

## № 40.

וואַריאַנט.

I. ירושלים — סלאַווני גאָראָד!
מי טאַם באָח חוואַלילי!
מי טאַם יעָלי, מי טאַם פּילי,
מי טאַם באָח חוואַלילי!
מנאָגאָ דעָנעג, מנאָגאָ אָווצי
מי טאַם פּראָוואָדילי!
מי טאַם יעָלי, מי טאַם פּילי!
מי טאַם באָח חוואַלילי,
אָי באַיטקו!
וויקופּי מאַיטקו [2])!
וויסטראָי [3]) חאַיטקו!

---

[1]) איבערזעצונג: „ירושלים, ירושלים, א פיינע שטאָדט! לייט האָבען אים גערימט. מיר האָבען דאָרט געזונגען, מיר האָבען דאָרט גאָט געבעטען צו דריי מאָל יעדעס יאָר ווענען מיר אהין אריינגעקומען; א סך געלט האָבען מיר דאָרט אוועקגעלעגט. עי ס׳שטיבעל! עי ס׳ביידעל! בוי אונז אָף דאָס ביידעל! קויף אונז אויס שטיבעל. ס׳שטיבעל וועט ווערען אויסגעקויפט, ס׳ביידעל וועט ווערען אויסגעבויט, הללויה!
ס׳ביידעל — מיינט מען דאָס בית המקדש. — ס׳שטיבעל — די היים, די יודישע מלוכה אין ארץ-ישראל.

[2]) די מאַמע (דאָס לאַנד). — [3]) בוי-אויס.



II. — עָי! סינקו, ניע זשאַריסיאַ: [1])
מאַיטקאַ בודיעָט וויקופּעָנאַ,
חאַיטקאַ בודיעָט וויסטראָיעָנאַ.
הללויה! [2])

וואַרשאַ.

ג. טראָקענהיים

---

## № 41.

I. איך בעפעל מיין זעל [3]) אים גאָטס האַנד,
דער מיך האָט פאָן מוטער לייב געזאַנד [4]),
דער איז מן העלפר און מיין ביי שטאַנד [5]),
זיין הייליגן נאַמען איז אים דער גאַנצע וועלט גאַר וואָל בעקאַנט.

II. מיין פאַר זיכרונג האַב איך אויף דיך, מיין גאָט:
לאַז מיך ניט ווערען מיין פיינט צו שפּאָט,
גיב מיר הילף צו האַלטען דיין הייליגען געבאָט, —
דיין בארמהערציקייט קיין ענד ניט האָט.

III. ... בין איך אַן בעריייט ליגען צו גען [6]), —
דיין הייליגער נאַמען זאָל שטעָץ [7]) ביי מיר שטען [8]),
ער זאָל מיך בעהיטען און בעוואַרן, און עדער מען (?),
לאַס מיך האָבען אין דיין אויגען חסד און חן

IV. איך לעג מיך נידער צו ראַסט [9]) און רו,
אויף דיך, מיין גאָט, מיין פאַר זיכרונג טו:

---

[1]) זינעניו, קימער ויך ביִשט. — [2]) לידער, ענליכע צו № № 37—40, בעפינען זיך בא ג.-ם. (№ № 15—17).

[3]) נשמה. — [4]) געשיקט. — [5]) „טייטש-חומש" I, כ"ח, 22: „און דאָס דאָזיגן שטיין, וואָס איך האָב גמבן פאַר איין באַשטאַנד". — [6]) גיין. — [7]) שטעטס (שטענדיג). — [8]) שטיין. — [9]) ראַסט — הויפטוואָרט פון רוסטען (רוען). — גערוסט — רויִג (גליקעל-פאָן-האַמעלנ׳ס „מעמוארען", 1645—1719, פערעפענטליכט 1896 דורך פּראָפ. דוד קויפמאַן, — זעה „מיטטיילונגען" VII, ד"ר א. לאַנדוי). — שטאַמט פון האָלענדישען.

דו זאָלסט אונז היטען און בעוואַרן פאַר אַלען בעזן,
און דו זאָלסט אונז באַלד אויס אונזרען גלות דערלעזן [1]).

V. לאָס מיך ווידער דער וואַכען [1]) פריש און געזונד
אַז איך דיך קאָן לאָבען מיט מיינעם מונד,
דאַס בית איך דיך אויס הערצען גרונד,
דער הערע [2]) מיך דאָך צו דיזער שטונד.

VI. האַב איך היינט, דיזם טאָג, געזינדיגט,
איך אוידער [3]) איינם פאָן מיינעם הויס געזינד [4]),
זאָלסט מיר פאַר געבען [5]), ווי מען געשריבן פינד [6]),
אַז ווי דו פאַר גיבסט איין עטליכם פראָמן יידען קינד.

VII. דיין כבוד איז פאָל אין דער גאַנצען וועלט, אים אַלע
פיער עקען;
ליבער גאָט, לאָס מיך אין דער פינסטער נאַכט ניט שטעקן
לאַז מיך קיין בעזע חלומות, נאָך רוחות דער שרעקן,
מיט דיין הייליגן נאַמען לאָס מיך ווידער אויף וועקען.

VIII. אויף גאָט, זיין לאָב, איז דאָס ליד וואָרען [7]) געמאַכט,
דאָס זאָל ווערן געזונגען היינט, און אַלע נאַכט,
אַז דו זאָלסט אונז נעמען אין דיינער אַכט [8]).

IX. אָמן, אין גאָטס נאַמען, עס זאָל ווערען וואַר [9])
דיין בנין בית המקדש זאָל מיר זעהן מיט אונזרן אויגען קלאַר,
דאָס זאָל במהרה ווערן וואַר.

---

[1]) דערלייזן, דערוואַכן — עלט־יידישע פאָרם (זעה ווייטער, אָנמערקונג צו № 44). — [2]) דערהער. — [3]) אָדער. — [4]) הויזגעזינד. — [5]) פאַרגעבען. — [6]) געפינט. — [7]) געוואָרען.

פרעפיקס גע אין פאַרטיציפּיום פּערפעקטי ווערט אויך בא גליקעל אָפט פערפעלט: גאַנגען, בליבען, הייסען, געסען — אַנשטאָט אַלגעמיין־יידישען: געגאַנגען, געבליבען, געהייסען, געגעסען („מיטטיילונגען", VII).

[8]) נעמען אין אַכט — אָפמערקזאַם זיין. — היינט זאָגט מען (וואָלין): אַכטונג געבען — היטען. — (זעה דערקלער, אי׳ צו № 44).

[9]) וואַנדער־פראַזע, זעה אויבען די „גאָט־פון־אברהם׳ס" (№ № 8—30).



X. גוטע מלאכים שיקן אונז פאָן הימל, און פיל גוטע שר׳ען
די זאָלען אונז ב׳היטן און בעוואַרן פאַר איין בעזן און פאַר
שאַדן,
דאָס אונז ניקס [1]) בעז זאָל ווידער פאַרען אמן סלה.

„מיטטיילונגען", IV. — איבערגעדריקט פון ד״ר ה. ב. לעווי׳ס קאָד. (אַמסטערדאַמער אויסגאַב 1791), אין וועלכען ס׳טראָגט דעם נאָמען: „דאָס איז איין שען נאַכט לייען פאַר ווייבער און מיידליך, ע זי זיך וועללען שלאָפען לעגן". —

דאָסזעלביקע „נאַכט־לייען" געפינט זיך בא ה׳ זיגמונד זעליגמאַן (אַמסטערדאַם), געדרוקט אַף אַ טאָפּעלטבלאַט 8°, מיט פאָלגענדיקע וואַריאַנטען („מיטטיילונגען", XIII):

סטראָפע III קלינגט:

נון בין איך בערייט שלאָפען צו געהען,
דיין הייליגער נאַמע זאָלל שטעטס מיט מיר שטעה׳ן,
ער זאָלל מיך בעהיטען אונד בעוואַהרען.
הייטע אונד אימערהין, לאָס מיך האַבען אין דיינען אויגען גנאַד אונד גונסט.

סטראָפע VIII האָט נאָך אַ פינפטע שורה:

אַלס ווי דו גאָטט האַסט אונזרע אָבות בעטראַכט. אָמן.

צו סטראָפע X קומען־צו 8 פערזען:

יעטצט וויללן איך שלאָפען געהען,
עס זאָללען ח״י מלאכים מיט מיר געהען:
ב׳ צו קאָפּען, ב׳ צו פוסען,
ב׳ אויף דער רעכטען, ב׳ אויף דער לינקען,
ב׳ די מיך וועקען, ב׳ די מיך שטרעקקען,
ב׳ די מיך ווייזען, ב׳ די מיך שפייזען,
ב׳ די מיך אינ׳ס ליכטיגע גן־עדן הינייַן פיהרען.
אָמן סלה.

אין דערצעלונג „מענדעל גבור" פון דייטש־יידישען נאָוועליסט א. בערנשטיין געפינען מיר אַ בילדעל (Neuer abdruck, Berlin, 1865. — s. 44):
„די באָבע... האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אָנגעהויבען צוזאַמען מיט הענדעלע דאָס נאַכטגעבעט; צום שלוס פון דעם דאַוינען האָבען זיי ביידע געזונגען דאָס יידיש־דייטשישע ליד, וואָס איז דעמאָלט פערשפרייט געווען אין אַלע קרייזען יידישע פרויען:
איך בעפעהל מיין זעל אין גאָטטעס האַנד,

---

[1]) ניקס — פון דייטשישען ניכטס. — בא גליקעל: ניקס(ע)ן. — (אויך נידערדייטש און מערקיש — nicksen; הויכדייטש — ניכטסען).

דער מיך אויס מוטטערלייב געוואנדט,
ער איסט מיין העלפער אונד ביישטאנד,
זיין היליגער נאמע איסט וואהלבעקאנט!

אונ ז. וו. אונ ז. וו." —

ניט גאַ ג.־ס., ניט אין מיינע זאמלונגען — פאראן אַ ענליך ליד. אלע מיינע מי׳ אוועלכעס אפצוזוכען זענען געווען אומזיסט. מיין יונגער מיטהעלפער א. ה. ש ע פ ס האט בעוויזען אויסצוגראבלען בלויז די פאלגענדיקע דריי שורות:

איך בעפעל מיין זייל אין גאטעס האנט,
וועד מיך האט מיט אַ לאב געוואנט.
ער איז מאן הילפער אין באשטאנד...

די פרוי (חנה ק ע נ י ג ס ב ע ר ג פון וואָלין, ראדאמער גוב.), פון וועלכער ר׳האט דעם פראגמענט אפגענומען, געדענקט מער ניט; אבער איר באבע, וואס איז שוין לאנג אַפ׳ן עולם־האמת, האט געקענט דאס גאנצע ליד,

אַ פנים, אין רוסלאנד און פוילען איז די ווייבערישע תפלה שוין אפ־געשטארבען.

---

## № 42.[1]

מיט גאטס נאמען לייט[2]) מאן זעך נידער
מיט די געזינדע, פרישע גלידער.
ליבער גאט, לאמעך מארגען פרי אפשטיין ווידער.

לשדז. מיט." IV

---

## № 43.

אני לי, —
מאן נשמה נעם צי, —
גאר דיר געטרא[3]) יאך זי
ביז אינדערפרי.

ווארשא. רחל־ניטל שעפס.

---

[1]) № № 42–43 — אויך נאכט־תפלות, וועלכע פארן שלאפען־גיין געזאגט.
[2]) לעגט. [3]) געטרוי.



## № 44.[1]

I. רבותי ליעבען, הארכט מיר צו, וואס איך אייך וויל זאגען:
תורה, מצוות ומעשים טובים טון דען מענש אין גן־עדן טראגען.
געוויסס, מצות מילה איסט נאר האך[2]) געאכט,
וויל זאלכע[3]) ברוך־הוא נאך געשיעהט[4]) מיט דער גרעס־
סטע אנדאכט.[5])

II. צום בעוויז טוט יעדער מאנן תפלה גאנץ ריין,
דאס הקדוש־ברוך־הוא זאלל איהם מזכה זיין,
איין בן־זכר איהם צו שענקען,
דאמיט דאסס מאן טון לאחר מאה שנים דורך אמן יהא
שמה רבא[6]) אן איהם גערענקען.

III. אונד זא באלד, דאסס ער האט דיעזעס טון ערלעבען[7]),
לעבודת בוראו צום בעשניידען טוט ער איהם הער געבען[8]).
מיט דען גרעססטען שטאהט[9]) טוט ער זיך אן ציענען[10]),
להקדוש־ברוך־הוא דאס קרבן צו שענקען.
געוויסס ווירט הקדוש־ברוך־הוא די מצות מילה לחן ולחסד
לישראל גערענקען.

IV. שמע, הארכט: איך וויל אייך איין לימוד געבען, —
דאדורך ווירט איהר מיך מזכה[11]) זיין לטובה נאך מיינעם
לעבען:

---

[1]) נומ. 44–46 – ברית־לידער. — אפשר וועט אויך אין רוסלאנד און פוילען זיך אפזוכען א שפור? — [2]) הויך. [3]) ריין־דייטשישע פארם. אף יידיש: אזעלכע (ליט.), אזעלכענע (פוילען), אזאליכע (וואלין, ליטא). — [4]) זעהט־צו. — [5]) ליבע. — [6]) פון „קדיש". — [7]) אף יידיש, אייגענטליך, ד ע ר לעבען. — דער דייטשישער פרעפיקס ער פאר צייטווערטער איז אין אונזער שפראך איבערגעגאנגען איבעראל אין דער, דאר. —

אין די פראגמענטען פון אלטע יידישע ספרים, (ד״ר ג ר י נ ב ו י מ ס „יודיש־דייטשע חרעסטאמאטיע", לייפציג, 1882) געפינען מיר, א סך ביישפילען — אין אבערדייטש און מיטעלדייטש בעגעגענט מען דיזעלביקע ערשיינונג פון 11־טען יאהרהונדערט אן; נאך היינט — אין אבערדייטש און אין די מולארטען פון מזרח־טייל מיטעלדייטשלאנד. (ד״ר א. לאנדוי, l. c) – בא ג ל י ק ע ל, פער־קערט, כמעט אויסשליסליך ער און אר. —

[8]) איבערגעבען. — [9]) קליידונג. — [10]) אנטון. — [11]) מזכיר (?). —

וואַנן דער מוהל די ברכה טוט זאַגען על המילה,
זאָ זאָללט איהר גלייך זאַגען אמן באימה וביראה.

V. וואַנן מאַן דאס קינד ברינגט אין דער שוהל העריין,
זאָללען איירע געדאַנקען זיין גאַנץ פיין,
ווייל די שכינה דאָס קינד טוט בעקלייטען. —
דאַרום שטעהט אין דער שוהל מיט פורכט, איהרע ליעבע
לייטען.

VI. טוט אוים דער גאַנצער צערעמאָניע ניכט לאַכען:
דורך דער מצוה טוט איהר אונז צום געליעבטען פאָלק
להקדוש=ברוך=הוא מאַכען;
די מצוה מילה שטעהט גאַהר אָפט אין אונזער תורה,
דאַרום מיססען וויר זיע האַלטען מיט דער גרעססטע מורא.

VII. אברהם אבינו, עליו=השלום, האַט זיך בעשניטען צו 99 יאַהר,
אונד האַט ניכט עסטימירט[1]) קיינע געפאַהר:
צום לאָהן האַט איהם הקדוש=ברוך=הוא דריי מלאכים געשיקט,
וועלכע איהם מיט איינע בשורה טובה האַבען ערקוויקט.

VIII. דער מלאך של בשורות האַט געהייססען מיכאל;
דער אברהם געהיילט האַט, וואַהר רפאל.
הקדוש=ברוך=הוא האַט אברהם אבינו, עליו השלום, בעזוכט
אַן דריטטען טאַג, —
הקדוש=ברוך=הוא שיטצט די צדיקים פיר אַלגען פלאַג.

דרום-דייטשלאַנד

„מיט." III.

דערקלערונגען:

א) נעאַכט (I, 3) — געשעצט. — די עלצטע טייטש פֿון „אַכטען": פֿער-שאַפֿען. — גליקעל 52: „דו האסט ניט גערוהט, נאָך געשלאָפֿען, ביז איך דיר האב געאַכט איין רייכטום". — אין „מעשה-בוך" (האַמבורג, 1727) זאָגט דער לויתן צו די פֿיש: „דערהאַלבען ביט איך אייך, דאס איר דאס פֿינ-גערליין דעם רבי חנינה ווידער אכטעט". — „צאינה וראינה", מעץ, 1768: „איך וויל אייך איין בעסערע פֿרוי אַכטען". („מיטט." VII. ד"ר א. לאַנדוי). — בא מענדעלע: „מוכר-ספרים", „ווינשפֿינגערל", 14;

[1]) estimer (פֿר.) — שעצען, אַכטען, אַכט לעגען. —



„וואָרטען אַף דרך-ארץ. ביז מען ווערט פֿאר א יידישער נשמה אַנגרייטען דאָ פֿריער אַלסדינג, וואָס נעטיג איז צום לעבען, און דערנאָך ערשט זי אָפּאַכטען צו אהער צום גרייטען, דאָס קען א ייד ניטט". — „זיי האָבען אָפּגעאַכט צו זיך דעם דוד לאַדענער" („דער בדחן"). — אָפּאַכטען — אראָפּשאַפֿען, אראָפּברענגען, אראָפּבעטען. —

ב) ווירט (III, 4) — איבערגאַנגספֿאָרם פֿון ריין-דײַטשישען „וויר ד" צום אַלגעמיין-יידישען „ווערט" (פֿוט. I). — פֿערוואַנדלונג פֿון דייטשישען ד אין יידישען ט — איינע פֿון די פֿערשפרייטעטע און עלצטע ערשיינונגען אין אויסבילדונגספראָצעס פֿון אונזער שפראַך. — בא גליקעל: בעטייטען, טייטש, געדולט, געלט, ענטליך, הונט, האַנט, פֿריינטליך (אַנשטאָט די דייט-שישע: בעדייטען, דייטש, געדולד, געלד, ענדליך, הונד, האַנד, פֿריינדליך). — דאָס איז דאָס ריכטיגע אויסלעגעניש, נאָהענטע צו דער לעבעדיקער אויסשפּראַך. — ממ"ס (8, l. c.): „א פֿריינטליך שמייכעלע". — „טייטש-חומש", I, 229: „לאה איז א געפֿיינטע". — אין היינטיקער ליטעראַטור אונזערע ראַנגעלט זיך נאָך אַלץ דער ד מיט'ן ט. — מ'שרייבט: געלד און געלט, הונד און הונט, האַנד און האַנט, א. ז. ו. — חאַראַקטעריסטיש: דאָס שאַרפֿע אויער פֿון פשוט'ן ייד ווייסט ביט פֿון קיין ספֿקות אין דער הינזיכט: „געלט מיט א ט" — זאָגט א בעריהמטער רעדענסאַרט (אַנאַלאָגיע צו: „לא מיט אַני א"), — „בולד דיטשע ווער" — אינגאַנצען גרעכט איז ד"ר X („לעבען און וויסענשאַפֿט", I, 54), וועלכער בעמערקט: „דאָרט, וואו דאָס יידישע וואָרט ענדיגט זיך מאַקי אַף ד, דאָרט רעדען אוים די יידען דעם דאָזיגען אות שאַרף"; היוצא מזה: אומעטום, וואו דער ד איז מטושטש, איבערגייענדיק אין ט, דאַרף מען תמיד שרייבען דעם לעצטען אות. —

ג) בעקלייטען (V, 3) — בעגלייטען. ס'יידישע ק אַנשטאָט דייטשי-שען ג — אויך א גרונדערשיינונג אין אונזער שפּראַכאויסבילדונג. — למשל, בא גליקעל: זועניק (ווענִיג), נעטיק (נעטיג), צאָרניק (צאָרניג), שלאַק (שלאַג), לייקנען (לייגנען). — די לעצטע צוויי ווערטער שוין אָנגענומען אין מאָדערנעם יידיש, — די ערשטע דריי דאַרפֿען אונבעדינגט איינגעפֿירט ווע-רען. — דאָ איז גילטיג א רעגעל, וואָס איז אַנאַלאָגיש דעם אויבענגעבראַכ-טען: וואו אין יידישען קומט א ג, הערט מען אים שאַרף; קוים איז נאָר דאָ א חשש פֿון ספק, קוים, הייסט עס, קלינגט דער אות ניט אזוי ריין, דאַרף געשטעלט ווערען א ק. — ווי די לעזער האָבען אפשר בעמערקט, האַלט איך מיך אין מיין אויסלעגעניש אַן דעם דאָזיגען פּרינציפּ (ווגטיקדיק, מאָגטיקדיק, דערוועלביקער, און ז. וו.). —

## № 45

### וואַריאַנט.

I. אנא [1]) הבט בצדקת עבדיך,
וויִע דער בעל־ברית האָט לאַססען [2]) זיין קינד מל זיין, כדי
לקיים את מצותיך;
זאָ וואָהל האָט ער געמאַכט סעודה לשמחה מיט גאַנצען
הערצען.
דאַ פאַר ווירט הקדוש־ברוך־הוא איהם בעהיהדען פאַר אַללען
שמערצען.

II. ברוך, געלאָבט איסט דער בעל־ברית פאַר גאָטט,
דער די מצוה מילה לאברהם ולדורות געבאָטען האָט, —
שנאמר: „זאת בריתי, אשר תשמרו ביני וביניכם ובין זרעך
אחריך: המול לכם כל זכר". [3])
די מצוה ווירט אונז לדורה דורות [4]) געטאַלט [5]), — שנאמר:
„ואף את בריתי אברהם אזכר והארץ אזכר". [6])

III. גדול, איינע גראָססע זכיה [7]) האָט דער בעל־ברית דורך זיינעם
זאָהן; [8])
וויע אבער? וואַנן ער איהם לאָססט לערנען תורה! דאַפאַר
בעקאָממט ער איין גוטען לאָהן,
ווייל די תורה איסט איינע גרונדזיילע פאָן דער וועלט.
דאַרום, בעל־ברית, לאָסס דיין זאָהן לערנען אונד מענאַגיער [9])
קיין געלד!

IV. דרך, דען וועג פאָן הקדוש־ברוך־הוא מיססען געהן אַללע
מענשען.
ווען דו מיר ווירסט נאָך פאָלגען, ווירט הקדוש־ברוך־הוא
דיך בענשען.

[1]) I—X נאָכ'ן אַלף־בית. — [2]) פערפעלט פרעפיקס גע (ז' אָנם. צו
נומ. 41). — [3]) בראשית י"ז, י'. — [4]) בראשית ט', י"ב. — [5]) געדאַכט. —
[6]) יהושע, 51, 8. — [7]) זכיה. — [8]) ז' וויטער נומ. 46, III, 1. —
[9]) menager (פר.) קאַרגען. —



דאַרום נעמס מיינע וואָרדע [1]) וואָהל אין אַכט!
קינדבעטטערן [2]), יעצונד ווירסט דו אויך בעדאַכט. [3])

V. המכסה אני, זאָלל איך דאַנן פאָר ניך פער העהלען [4]), וואַס
איך טו!
דו מוססט געוועהנען דיין זאָהן, דאַסס ער שטעהט אויף איך
אַללער פרוה, [5])
דאַסס ער טוט געשווינד אין דער שוהל לויפען.
דאַמיט קעננסט דו דיר דאַס גן־עדן קויפען.

VI. וה' פקד [6]), דער עוויגע האָט דיך געדאַכט אונד געזעגענד
מיט איין מענגליכעס געשלעכט.
ווענן דו מיר ווירסט פאָלגען, ווירט עס זיין פאַר גאָט אונד
מענשען רעכט:
אין חדר מוסס דו דיין קינד ניין טראַגען! [7])
דער רבי מוסס איהם בעפעהלען, דאַסס ער פלייססיג אמן
יהא שמיה רבא דוט נאָך זאַגען. [8])

VII. זאת, דיעס נעמט אַללע בייטע [9]) אין אַכט:
ווענן דער רבי איירען זאָהן ציכטיגט [10]), ברינגט דעם רבי
אין קיינעם פערדאַכט; [11])
Au contrair [12]), דעם רבי מוססט איהר בעהרען,
ווייל ער איירען זאָהן לכבוד המקום טוט לערען.

VIII. חקו, זיין גומען, ממתק, ווירט געזיהססט דורך דער תורה.
איהר מוסט איירען זאָהן אהן האַלטען [13]); דאַסס ער האָט פאַר
גאָט אונד איין מורא,
דען וויע גראָסס איסט דיע מצוה כבוד אָב ואם [14]) אונד שלוח הקן;
נון קאָממע איך אויך אן געפאַטטער [15]) ראַן:

[1]) ווערטער. — [2]) קימפעטאָרין, — מענשען פון פאָלק אין רוסלאַנד און
פוילען לעגען נאָך היינט אויך אוים אַזוי. — [3]) דערמאַנט. — [4]) צודעקען. —
[5]) אינדערפרי. — [6]) בראשית כ"א, א'. — [7]) היניינטראַגען—אַריינטראָגען. —
[8]) נאָכזאָגען. — [9]) ביידע. — [10]) שטראָפט. — [11]) חשד. — [12]) דאַגעגען
(פר.). — [13]) אָנהאַלטען. — [14]) עשרת הדברות. — [15]) היינט: קוואַטער,
קוואַטערין, קוואַטערשאַפט. —

IX. יום־טוב האָס[1]) דו אַן הײַליגען טאַג.
גאָטט ווירט דיך היהטען פֿאָר אַללען פלאַג.
דאַס וואָרט געפֿאַטטער שאָן איסט אײַן גראָססער עער[2])
עס מאַכט אַבער דען בײַטעל לעער.

X. כּה, אַזאָ דו[3]) איך דיר זאַגען:
געפֿאַטטערנדע[4]), דו האַסט אײַנע גראָססע מצוה געטאַן פֿאָן
דען קינד אין דער שוהל טראַגען,
נאָך מער, ווײַל דיע גמר־מצוה בײַ גאָט איסט גאַהר האָך
געאַכט, —
וויע דו וויעטער[5]) דאַס קינד נאָך הויז האַסט געבראַכט.

XI. כּלהודיע לבני אדם, בעקאַננד צו מאַכען אונזרעם בעריהמטען
מוהל,
וועלכער בעקאָממט אין גן־עדן אײַן גוטען שטוהל,
ווײַל ער נאָך דער מצוה מוסס לױפֿען,
פֿיר יעדען שריטט טוט ער זיך אײַן מליץ־טוב קױפֿען.

XII. יודוך ה׳ כל מעשיך וחסידיך יברכוכה[6])!
מיט גראָססער כּוונה האַט ער געזאַגט די ברכה:
כּי מחשבות אדם לפני ה׳ יכונה,
מיט היתוך ופריעה מאַכט ער קײַנע גראָססע גרונה (?)[7]).

XIII. במה יזכה אדם את נשמתו?
בתשובה ותפלה וצדקה לעשותו!
דאַרום וואָללען וויר געדענקען אַן אונזרען ליעבען גאָטט
דער אונז אַללע ערשאַפֿען האָט[8]),

XIV. ביום המילה געהערט מאַן זיך משמח צו זײַן,
אום צו געבען אײַן שבח לאל־עליון בײַ דען גוטען ווײַן, —
דאַרום וויל איך גלײַך אָהן העבען[9]),
אום הקדוש־ברוך־הוא אײַן שבח געבען

[1]) האָסט. — [2]) עהר (כבוד). — [3]) טו. — [4]) קוואַטערין, קוואַטערקע. —
[5]) ווידער. ז׳ דערקלערונג צו № 44. — [6]) תהלים, 145, 10. — [7]) תנוסה (?)—
לאַנגזאַמקײַט. — [8]) וואַנדערפֿערז (ז׳ № № 9, 10). — [9]) אָנהעבען. —



XV. אײַנציגער גראָססער אַללמעכטיגער גאָטט! מצות מילה האַט
דו אונז געבען[1]);
אָהנע דײַן חסד קאַנן קײַן מענש לעבען;
מיום הוולדו עד יום מותו
אתה לא ינום ולא יישן ומשמר את נפש אדם ואת נשמתו.

XVI. להיים, כּל ישבה[2]) מסובין בכאן! רך הנימל זאָלל לעבען!
הקרוש־ברוך־הוא זאָלל אונז דיע זכי׳ געבען,
דאַסס דער מבשר זאָלל באַלט[3]) קאָממען אונד זאָלל אונז
די בשורה זאַגען,
דאַסס משיח זאָט (?) קאָמען אין אונזרע טאַגען[4]).

XVII. אליהו הנביא זאָלל אויך הײַטע בײַ דעם יידשען[5]) געוועזען
זײַן אין דער שוהל,
וויע מיר איהם אויך האַבען געשטעלט אײַנען שטוהל.
ער ווירט געהײַססען מלאך־ברית,
וואָ אײַנע ברית־מילה איסט, קאָממט ער פֿאָר גאַנץ געוויסס.

XVIII. יעצונד וואָללען וויר אויך בעשליעססען[6]):
דען זכות פֿאָן אליהו־הנביא זאָלליען מיר געניעססען!
ווען נאָר דער בעל־ברית מיט פֿרישען ווײַן דעט[7]) העער געהן[8]),
דען וואָללטען מיר זאַגען: „עושה שלום בסעודה, ונאמר אמן!"[9])

דרום־דײַטשלאַנד.

דערקלערונגען:

א) בעהיהדען (I, [4]) – בעהיטען. – אויך: וואָרדע (IV, [3]) – וואָרטען; בעזוגענד (VI, [1]) – געזעגענט; דוט (VI, [4]) – טוט; דו (X, [1]) – טו; בעקאַננד (XI, [1]) – בעקאַנט. — אַזוי גוט, ווי דאָס דײַטשישע d גײט איבער אין די יידישע ט, אַזוי בעמערקט מען אויך אין דער ענטוויקלונג פֿון אונזער לשון, ווי אין אײניגע ווערטער, להיפך, גײט דאָס דײַטשישע t איבער אין א יידישע ד. — דער חילוק איז, אָבער, וואָס די ערשטע ערשײַנונג איז אײגער פֿון

[1]) געגעבען (אַנמ. צו נומ. 41). — [2]) היושבים. — [3]) באַלד (ז׳ דערקל. צו נומ. 44) באַלט — גיט ריכטיגער איבער די אויסשפּראַך פֿון פֿאָלק. — [4]) פֿערגלײַך נומערן 30—8. — [5]) יידשען—יידישען (צײַטוואָרט: אין יידישקײַט אַרײַנברענגען). — [6]) ענדיגען. — [7]) וועט (?). — [8]) אָהערגײן. — [9]) פּאַראָדיע אַפֿין סוף פֿון קדיש. —

די גרונדגעזעצען אין דער אויסבילדונג פון יידיש — די צווייטע, דאגעגען, — מאַכט ניט אַ פֿאַריבערגייענדיק פֿאַרגרעסערונג. — אין דעמזעלביקען ליד בעגעגענען מיר, לעבען די פֿערדאַרבענע, אויך די ריכטיגע פֿאָרמען: היהטען (IX, 2); ניט (V, 1); טנט (V, 3; VII, 4; XI, 4). — בא גליקעל: זיבענדע (זיבענטע), געדראָקדערט (געדראָקטערט), געוואַנד (געוואַנט), געשאַנד (געשאַנט), געמיינד (געמיינט), טרוקענד (טרוקענט). — בכלל, דאַכט זיך, וועניג פֿאַראַן אינצט יידישע, פֿון דייטשישען אָפּשטאַמענדיקע ווערטער מיט אַ ד אַנשטאָט'ן t. (ד"ר l. c., X: שווערד — Schwert, באָרד — Bart). — אין דער כרעמי־שער דייטשישער מוּנדאַרט איז d אָפ'ן אָרט פֿון t — איינע פֿון די פֿערשפרייטע ערשיינונגען (פֿאַדער — פֿאַטער, מאָדער — מוטער, גאָד — גוט, און ז. וו. — זעה: „Am Urqell“, V, ד"ר א. פאָסט). —

ב) יעצונד (IV, 4) — איצט, יעצט. — אין וואָלין זאָגט מען ערהויב: אַצינד, אַצינדערט, אַצינדאַט, איצטער. — אין פּוילען: איצטאָ, איצטאָט, איצטאַט, איצטאָרט, איצטאַרט. — אין ליטאָ: איצונד („דער מימד“, 22), אַצונד. — בא גליקעל („מיט.“ VII): איצונד, איצונדער, איצונדערט. — ענליך בא די דייטשען: יעצונט, יעצונדער (מיטעלנידערדייטש); יעטצונדער, יעצונד (נידערדייטש און פֿירסטענטומער געטינגען און גרובענהאגען); יעטצונדערט (מיטעלהויכדייטש). — דאָס דייטשישע „י(ע)טצונדער“ טרעפֿט זיך זייט'ן 15-טען יאָרהונדערט. בא היינטיקען טאָג — אָפּגעלעבט. —

ג) וועגען אליהו הנביא אין יידישען פֿאָלקסגלויבען[1]: „ווינט אליהו הנביא האָט געשלאָסען זיין ערדיש לעבען, אונ אין אַ פֿייערקאַטש, מיט צוויי פֿייערפֿערד געשפּאַנטע, אַפ'ן הימעל ארויפֿצופֿאָהרען, האָט ער נאָך ניטשט אָפּגעהערט זיין פֿאָלק אָפֿט צו בעזוכען. פֿאַראַן געוויסע ציטען און געלעגענהייטען, ווען ער בעדענקט יעדערען אָהן אויסנאַם אזוי צו זאָגען אַנ'אָפֿיציעלען וויזיט, הגם ניט געזעהענערהייט; אָבער ניט איינעם האָט ער זיך שוין געוויזען, אום פֿאַר אַ נאָהענטער סכנה צו וואָרענען, טרייסטען אין די ליידען אָדער אָנ־רעדען צו תשובה ... ער קומט אויך, די אָרימעלייט זייער עלענט צו לינדערן ... אליהו איז אַ גליקברענגער ... אליהו הנביא פֿעלט בא קיין ברית. ס'ווערט פֿאַר אים זאָגאַר אַ באַזונדערע שטול צוגעגרייט, רעכטס פֿון סאַנדעק, און איידער מ'לעגט דאָס קינד אַפ'ן לעצטענס שויס, ווערט עס געלעגט אַף 'אליהו'ס שטול. ער געפֿינט זיך אָבער אויך בעת די נשמה פֿאַרלאָזט דעם קערפער ... שבת־צו־נאַכטס איז ער גאָר פֿערוואָרפֿען מיט אַרבעט. די רשעים ווערען צוריקגעטריבען אין גהנום אַריין פֿון דעם אייזבאַרג, אַף וועלכען זיי האָבען די 24 שבת־שעה אין רו פֿערבראַכט[2]. — בא דער געלעגענהייט פֿרובט זיך אליהו הנביא איינינע נשמות ארויסצורייסען פֿון די הענט פֿון די פייניגער; אַמאָל געלינגט עס אים. 'ניטשט קוקענדיג דעראָף, געפֿינט ער נאָך גענוג צייט, דאָ און דאָרט

[1]) בנימן־זאב שיפֿפער (ווענעל), „אליהו הנביא“. („אַם־אורקוועל“ VI, 11 און 42). — [2]) ז' ממ"ס „ווינשפּינגערל“, 108 (אַמעריק. אויסגאַב). —



אַ פֿרום הויז צו בעזוכען[1]), באַזונדערס יענע, וואו אָרימע אורחים וועגען שבת באַם טיש געוועזען. ס'ניסען פֿונ'ם קלענצטען קינד איז אַ סימן, אַז ער איז דאָ אין שטוב ... אָבער ערשט אין דער צוקונפֿט וועט אליהו הנביא אָפּוויקלען זיין גאַנצע טעטיגקייט. דריי טעג פֿאַר משיח'ס קומען[3]) וועט ער אָפּשטייגען אַפ'ן העכסטען באַרג אין יהודה; 'ער וועט דאָרט בעקלאָגען דעם גורל פֿון זיין פֿאָלק און דערנאָך אין אַ גרויסען שופר בלאָזען, — די תקיעות וועט מען איבער דער גאַנצער וועלט הערען. די צדיקים וועלען זיך צוזאַמענלויפֿען, זיין איבער אַ פֿײַערנער בריק און גליקליך אַריבערקומען קיין ארץ־ישראל“ ...

## № 46.

צווייטער וואַריאַנט.

I. אנא הבט בצדקת עבדך,
חיע דער בעל־ברית האָט לאַססען זיין קינד מל זיין, כדי לקיים מצותך;
דען די מצות מילה איסט ביי גאָטט זעהר נעאַכט:
דאַרום נעהמען מיר, ישראל, די מצוה גאַהר וואָהל אין אַכט.

II. ליעבער בעל־ברית, דו טוססט אַבער אן דען ליעבען גאָטט נעטענקען[2]),
דער דיר האָט געטאַן איין בן־זכר שענקען:
מיט תורה, מצות טוס דו דיין זאָהן מהיום והלאה אויך ציערען, —
דאַדורך קענן ער דיך איבער הונדערט יאָהר אין גן־ערן פֿיהרען.

III. כלל גרול בתורה: „ברא זוכה אבא“[4]).
דאַרום מוס דו, בעל־ברית, דיין זאָהן אהן האַלטען,
דאַסס ער האַט פֿאָר גאָטט מורא.
דאַדורך ווירט ער האַלטען די געבאָט

[1]) דעראָף בעציט זיך סטראָפֿע VIII אין נומ. 11. — [2]) הערמיט דערקלערט זיך די ראָלע, וואָס אליהו־הנביא שפּילט אין די נאָט פֿון אברהם'ס (ז' איבען, נומער: 8—13, 15, 16, 19, 23).
[3]) געדענקען (זעה דערקלערונג צו 44 №). — [4]) סנהדרין, 104 — „ברא מזכי אבא, אבא לא מזכי ברא“. —

פֿאָן דעָן היַילינעָן גראָססעָן ליִעבעָן גאָטט,
דעָר איִהם פֿאָר אַלט מאָגעָ ערשאַפֿעָן האַט.

**IV. מה יעשה אדם ביום שמחתו? תפלה וצדקה לעשותה.**

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

איִן גאָטטס נאַמעָן ווערָ איִך דיִע מוטטעָר מיִט דעָם קיִנד
בעָגראַססעָן [1],
מיִט דעָם כח שם שלש [1]) וועָר איִך דעָן שטן אונט [2]) דיִע
לילית [1]) צו רײַססעָן.
מיִט דיִ שמות, דיִע דאַ אוים געָהן [3]) אוים דעָם פסוק "שמע
ישראל",
רוף איִך אַהן דיִ פֿיִעהר מלאכים – מיכאל, אוריאל, רפאל,
גבריאל,
דאַסס זיע זאָללעָן קאָממעָן צו היִטעָן דיִע מוטטעָר מיִט
דעָם קיִנד
פֿאָן אללעָ פֿיִעהר זײַטעָן, מיִט דעָר היִלף
דיִ שכינה, דיִע [4]) אויף דיִע חומת הקודש מיִט זײַנעָ פֿיִעהר
מלאכים,
זאָללעָן דיִ קיִנדבעָטטעָרן אונד דאַס קיִנד פֿאָר אללעָם בעָזעָן
בעָהיִטעָן אונד בעָוואַהרעָן,
אַלס וויִע אונזעָר אָבות איִן מצרים, דיִע וואַהרעָן [5]) פֿיִעל
שאַרעָן [6])

אָמן וכן יהי רצון!

דרום-דײַטשלאַנד.

דערקלערונגען:

א) IV, [4] (... "בעגראַססען"). — אזא מין באַשווערונג. — בא די דײַטשישע ייִדען זאָגט מען אויך:

"איך וויל דיך בעקראַנצען,
גאָטט זאָלל'ס וואַזען" ... און ז. ו.

אָדער: "איך מאַך איינען קרײַז, דען גאָטט בעהיִט ... און ז. ו." – שונדא.

[1]) ד' וויַטער די דערקלערונגען. — [2]) אונד. — [3]) אַרויס געהן – קומען-אַרויס, שטאַמען. — [4]) וועלכע. — [5]) וועלכע זענען געוועזען. — [6]) מתנות (דײַטשיש). —



"ייִדישע סערקווירדיגקײַטען", פֿראַנקפֿורט א' מ. און לײַפּציג, 1714) ברענגט ("ייִדישע סערקווירדינקייטען" ...) אזא נוסח: "איך מאַכע איינען קרײַז, דען גאָט וואָהל ווײַסס ... און ז. ו." — פֿאַרצײַטענס, אַנשטאָט די הײַניקע בעגראַססען – אַרומגעמען מיט א קרײַז. — אַ וואָרט איז נישט גילטיג אָדער פֿאַר'טעות'ט. טיקע קלאַמערן אַף צו ווײַזען, אַז א רעדעלע (א "קרײַז"). — אין דרום-דײַטש-לאַנד פֿלעגט מען געבראַוכען אין שרײַבען א רעדעלע (א "קרײַז"). — דערפֿון שטאַמט אונזער "גרײַז" וואָרט "קרײַז" אַרויסגערעדט: "גרײַז", — (א פֿעלער, א טעות).

ב) IV, [5] ("כח שם שלש"). — ד"ר מ. גרונוואַלד ("מיט" III) רעדענדיג, אַז דאָס מײַנט מען די קריסטליכע טריניטעט. מ. שטײַנשנײַדער (העבר. ביבל. 1863, 121) האָט געזעהן אַף ייִדישע קמיעות די אויפֿשריפֿט "יהושע בן פנדרא". — ד"ר ה. ב. לעווין בעווײַזט אַ האַמבורגער מחזור: אין "סדר תקיעת שופר" שטייט דאָרט דײַטליך, לעבען אַנדערע קבלישע נעמען, אויך "ישו"ע" ... ד"ר ווײַסענבערג ("דרום-רוסישע קמיעות") האָט געזעהן ייִדישע קמיעות מיט קריסטליכע תפלות, און, פֿערקערט, קריסטליכע — מיט ייִדישע. א באַזונדער מין פּראַקטישקײַט אין רעליגיעזע ענינים! וואָרגענדיק זועגען עולם-הבא, ניט מען א הניפה'לע אַ אַהער, אַ אַהין. — "אפשר איז דאָס אויך עפּעס ווערט? פֿון וואַנען קען מען וויסען!" האָט אמאָל געזאָגט א פֿרומע ייִדינע, צלם'ענדיק זיך פֿאַר א קלויסטער (אזוי דערצײַלט א וואָלינער אַ רעדענסאַרט: "געשײַדט, אין דאַרמשטאַדט (דײַטשלאַנד) אַנעקדאָט). אין דאַרמשטאַדט (דײַטשלאַנד) אַ רעדענסאַרט: "געשײַדט, זוי די אַלסבאַכער רבי'צין" די לעצטע האָט אמאָל בא "מודים" זער הײַס זיך אַ בוקגעטאָן, — "איך האַלט מיט אַ בוקגעטאָן, אַז א צלם איר פֿון בוזים אַרויסגעפֿאַלען. דיזעלביקע בעדע גאָטט!" — האָט אָפֿען דערקלערט די געשיקטע פּהוי. דיזעלביקע רבי'צין האָט אמאָל אום שבת געטראָגען א קויש, אָבער אַף אים — צוויי אַנ-געצונדענע ליכט.

ג) לילית – דער נאָמען פֿיגורירט אויך אַף די "שיר-המעלות'ן". — וואָס ווערען אויסגעהאַנגען אין צימער, וואו א קימפּעטאָרין ליגט [1]). — אַף די שיר-המעלות'ן פֿון ייִדישען פֿאָלקסגלויבען, היטען דרײַ מלאכים, סני, סנסני, סנמנגלוף לויט'ן ייִדישען פֿאָלקסגלויבען, (אַף די שיר-המעלות'ן שטייען נאָר צוויי: סיני און סמנגלוף), דאָס נײַגעבוי-רענע קינד פֿון לילית'ן [2]). — אין פּוילען און אין דרום-רוסלאַנד פֿאַראַן אַ גאַנ'אבערגלויבען, אַז די מלכּת-שבא קומט דערשטיקען די שוואַכע קימפּעטלעך [3]).

---

[1]) א. י. ביכבינדער. "ייִדישע סומנים" ("הויזפֿרײַנד" II, 256). —

[2]) "אוים הוואָפּאַטעקע אונד העקסענקיכע" ("מיט" V, 60). —

[3]) ד"ר א. מ. ווײַסענבערג ("דער טאַטע מיט די בנים").

## № 47.

### דער סגינהור [1].

מיר דאַנקען און לויבען דיך, שטאַרקער העלד;
דו פערלאָזט נישט קיין ווערמיל אונטער דער ערד,
דו ערנערסט די גאַנצע וועלט, —
אַלעס איז פון דיר בעשערט!
וועמען פרייַדען און וועמען ליידען,
וועמען פרנסה צום געזונד,
וועמען גליק און וועמען אומגליק,
און וועמען דו מאַכסט בלינד.
וועמען יאָרען און וועמען פערלוירען,
וועמען גוטס און וועמען שלעכטס,
וועמען דאַרבען און וועמען שטאַרבען,
און וועמען דו פערשטעלסט דאָס לעכט.
וועמען הכנסה און וועמען פרנסה,
און וועמען, געבען, פּיין...
האָטס רחמנות מיט ישרנות,
שענקטס אַ נדבה אַ בלינדען מאַן!

גאַליציען. ב. ז. זעגעל. [2])

---

## № 48.

מיינט נישט, אַז גאָט שלאָפט:
דער שלעכטער ווערד געשטראָפט,
דער גוטער ווערד באַלוינט, —
קיינער ווערד נישט פערשוינט!
— — — — — — — — —

גאַליציען. ב. ז. זעגעל.

---

[1]) לידער פון בלינדע װעלען קומען אויך אין װײַטערדיקע אָפּטײלונגען, — דאָס שטעל איך אַריין צוליב דער שטאַרקער רעליגיעזישער שטימונג.

[2]) דער פערשרייבער האָט דאָסזעלביקע ליד אָפּגעדרוקט אין פּויליש־איבערזעצונג (אין זיין ביכעל: „מאַטעריאַלען צו עטנאָגראַפיע פון די מורח־גאַליציש יידען". — קראַקוי, 1893).



## № 49.

I.

עס איז נישטאָ קיין זאַ גאָט,
ווי אינזער גאָט:
אין כאלהינו!
עס איז נישטאָ קיין זאַ מלך,
ווי אינזער מלך:
אין כאדונינו!
עס איז נישטאָ קיין זאַ הערשער,
ווי אינזער הערשער:
אין כמלכנו!
עס איז נישטאָ קיין זאַ העלפער,
ווי אינזער העלפער:
אין כמושיענו!

II.

ווער איז נאָך אַזאַ גאָט,
ווי אינזער גאָט?
מי כאלהינו?
ווער איז נאָך אַזאַ מלך,
ווי אינזער מלך?
מי כאדונינו?
ווער איז נאָך אַזאַ הערשער,
ווי אינזער הערשער?
מי כמלכנו?
ווער איז נאָך אַזאַ העלפער,
ווי אינזער העלפער?
מי כמושיענו?

III.

מיר וועלן לויבן אינזער גאָט —
נודה לאלהינו!
מיר וועלן לויבן אינזער מלך —
נודה לאדונינו!
מיר וועלן לויבן אינזער הערשער —
נודה למלכנו!
מיר וועלן לויבן אינזער העלפער —
נודה למושיענו? [1])

סאָכאַטשעוו. פ. גראַובאַרד.

---

## № 50.

I. יידעניו, וואָס שלאָפסטו? — איינס, צוויי, דריי, פיר.
עס איז שוין צייט מודה זאָגן! — איינס, צוויי, דריי, פיר.
עס איז שוין צייט מה־טובו זאָגן! — איינס, צוויי, דריי, פיר.

ניט קיין מודה, ניט קיין מה־טובו, נאָר געשלאָפן!
מיט וואָס לעבסטו אף די וועלט?
און מיט וואָס וועסטו קימען אף יענע וועלט?

---

[1]) פּאָעטישע בעאַרבעטונג פון דער תפלה „אין כאלהינו" („תפלת ישראל", סידור מיט רוס. איבערזעצונג פון ג. ליפשיץ. — ווארשא. 1894. — ז' 322).

II. יידעניו, וואס שלאפסטו? – איינס, צוויי, דריי, פיר.
עס איז שוין צייט הודו דאוונען! – איינס, צוויי, דריי, פיר.
עס איז שוין צייט שחרית דאוונען! – איינס, צוויי, דריי, פיר..

ניט קיין מודה, ניט קיין מה-טובו, ניט קיין הודו, ניט קיין שחרית, נאר געשלאפן!
מיט וואס לעבסטו אף די וועלט?
און מיט וואס וועסטו קומען אף יענע וועלט?

III. יידעניו, וואס שלאפסטו? – איינס, צוויי, דריי, פיר.
עס איז שוין צייט מוסף דאוונען! – איינס, צוויי, דריי, פיר.
עס איז שוין צייט מנחה דאוונען! – איינס, צוויי, דריי, פיר.

ניט קיין מודה, ניט קיין מה-טובו, ניט קיין הודו, ניט קיין שחרית, ניט קיין מוסף, ניט קיין מנחה, נאר געשלאפן!
מיט וואס לעבסטו אף די וועלט?
און מיט וואס וועסטו קומען אף יענע וועלט? [1])

רעשנע, (בלוינער פאוויאט, ווארש. גוב.) ל. ד. באום.

## № 51.

דער הייליקער שבת גייט שוין אוועק,
עס קומט שוין אן די וואכדיקע טעג.
די נשמה יתירה פארלאזט נישט אינזער גוף,
ביזוואנט זי קומט אין הימל ארויף.
דרים זשע, ברידערלעך איז איין מצוה א גרויסע,
אז יעדער זאל טרינקען אין איין שיינע כוסה.
באלייץ [2]) דעם שבת, טרינקט שוין מיט קראש! [3])
איך ווינש אייך אלע א גוטע וואך דערבא!
„אוי, שבת! אוי, שבת!" שרייט, ברידער, אלע!
פאר אינזער געזונט, פאר אינזער גליבסטע כלה!

[1]) ענליך ליד בא ג.-מ. № 27
[2]) באלייטס – באלייטען זי (סעצעיפישע פויליש-יידישע פארם פאר איבערבלייבן [?]). [3]) קוראוש.



א גאנצע וואך זעהען זיך שוין מער נישט!
באלייץ דעם שבת, טרינקט שוין מיט איין קראש!
איך ווינטש אייך אלע א גוטע וואך דערבא!

דארף ליפצע, (גראדזיסקער פאוויאט, ווארש. גוב.) יוסף האמבערג.

## № 52

I. איך, אברהמל אברהמל – בין דעראסען [1]) געשטאנען,
איך האב געהערט א קול – די מאמע-רחל איז אראסגעגאנגען.

II. איך האב נישט געוויסט, וואס מ'טיט מיינען, –
איך צדוק'ל [2]), אברהם-יצחק דער קליינער [3]):

III. –„אברהמל, אברהמל מאגע רייד זאלן גיין אין דאני אוירן אראן:
מ'טאר נישט זאגן – ער [4]) איז אומגעראכט; ער איז אומגעראכט!" [5])

IV. אפילו איך וועל זאגן: כי אתה שומע, –
איך האב נישט מורא פאר דעם שטן הבורא.

מאלאטשעוו. טריצעק באומאן, 14 יאר

## № 53.

I. באח סקאזאל ראנא ווסטאט [6]), ראנא ווסטאט [7]),
אי רוקי פאמיוואט [8]), פאמיוואט.

[1]) דרויסען. – אין פוילען ווערט דער ווייכער דיפטאנג ז' אויסגעשפראכען ווי דער הארטער וואקאל א (פאקען, באך, אס, אראס – אנשטאט: פויקען, בויך, אוים, ארוים). — [2]) צדיק'ל(?). — [3]) איך דער קליינער — „אני הקטן". — [4]) גאט. — [5]) די ווערטער פון דער מאמע-רחל. —
[6]) די רוסישע צייטווערטער מיט א ט' אפ'ן סוף — איבעראל וויך. דה: ס'רוסישע "ть". — [7]) גאט האט געהייסען פרי אפשטיין. — [8]) און די הענט וואשען.

II. אַ רוקי פּאָמיווּאַט, פּאָמיווּאַט —
אי מודה־אני ראַסקאַזאַט [1]), ראַסקאַזאַט.

III. אַ מודה־אני ראַסקאַזאַט, ראַסקאַזאַט —
אי טלית ותּפילין נאַקלאַדאַט [2]), נאַקלאַדאַט.

IV. אַ טלית אין תּפילין נאַקלאַדאַט, נאַקלאַדאַט —
אי מה־טובו נאַטשינאַט [3]), נאַטשינאַט.

V. אַ מה־טובו נאַטשינאַט, נאַטשינאַט —
אי ברוך שאמר צעלאָוואַט [4]), צעלאָוואַט.

VI. אַ ברוך שאמר צעלאָוואַט, צעלאָוואַט —
אי ברכו נאַחילאַט [5]), נאַחילאַט.

VII. אַ ברכו נאַחילאַט, נאַחילאַט —
אי קריאת־שמע וויקריטשאַט [6]), וויקריטשאַט.

VIII. אַ קריאת־שמע וויקריטשאַט, וויקריטשאַט —
אי שמונה־עשרה פּראַמאָ סטאַט [7]), פּראַמאָ סטאַט.

IX. אַ שמונה־עשרה פּראַמאָ סטאַט, פּראַמאָ סטאַט —
אי עלינו וויפּלאָוואַט [8]), וויפּלאָוואַט.

X. אַ עלינו וויפּלאָוואַט, וויפּלאָוואַט —
אי דאַמאַי פּאָסטופּאַט [9]), פּאָסטופּאַט.

XI. אַ דאַמאַי פּאָסטופּאַט, פּאָסטופּאַט —
אי נימנאָשקו וואָטקאַ וויפּיוואַט [10]), וויפּיוואַט.

XII. אַ נימנאָשקו וואָטקאָ וויפּיוואַט, וויפּיוואַט.
אי דאַ לושקו פּראַמאָ ספּאַט! [11])

שמחה לעווין, חעלם.

N N, קרעמענין, וואָלינער גוב.

[1]) דערצעלען. — [2]) לעגען. — [3]) אָנהייבען. — [4]) קושען. — [5]) בוקען. —
[6]) אויסשרייען. — [7]) גלייך שטיין. — [8]) אויסשפּייען. — [9]) און אהיימגיין. — [10]) און
טבוסעל בראָנפען אויסטרינקען. — [11]) און אין בעט אריין גלייך שלאָפען. —



## №. 54.

וואַריאַנט. [1])

I. שבת ראַנאָ יאַ ווסטאַוואַנו [2])
טאַי וו'בית־מדרש פּריביהאַיו [3]).
טאַי־דאַ־דאַי, דאַי־דאַי, דאַי־דאַי,
טאַי־דאַ־דאַי, דאַי־דאַי, דאַי־דאַי. [4])

II. יאַק [5]) יו'בית־מדרש פּריבידאַיו,
טלית־תּפלין נאַדיוואַיו. [6])
טאַי־דאַ־דאַי — און ז. וו. (ווי אין I)

III. טלית־תּפלין נאַדיוואַיו,
טאַי מה־טובו נאַטשינאַיו [7])
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

IV. יאַק מה־טובו יאַ קאָנטשאַיו [8]),
הודו סראַזו נאַטשינאַיו.
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

V. אי יאַק הודו יאַ קאָנטשאַיו,
ברוך שאמר נאַטשינאַיו.
טאַי־דאַ־דאַי. — און ז. וו.

VI. ברוך שאמר יאַ קאָנטשאַיו,
טאַי ישתּבח נאַטשינאַיו.
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

VII. יאַק ישתּבח יאַ קאָנטשאַיו,
קריאת־שמע זאַראַז [9]) נאַטשינאַיו.
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

VIII. טילקע [10]) קריאת־שמע יאַ קאָנטשאַיו,

[1]) קליינרוסיש. — [2]) שבת פרי שטיי איך אויף. — [3]) קום צו לויפען. —
[4]) דעם צווייטען 2 מאָל. — [5]) ווי. — [6]) טו־אָן. — [7]) הייב־אָן. — [8]) ענדיג. —
[9]) תּיכף. — [10]) נאָר. —

יאַ שמונה־עֶשׂרה נאַטשיִנאַיוּ.
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

IX. יאַק שמונה־עֶשׂרה יאַ קאָנטשאַיוּ,
טאַק עלינוּ נאַטשיִנאַיוּ.
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

X. יאַק עלינוּ יאַ קאָנטשאַיוּ,
טלית־תּפלין ראַזדיִוואַיוּ [1].
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

XI. טלית־תּפלין ראַזדיִוואַיוּ,
טאַי דאָ מקוה פּריִבּיִהאַיוּ.
טאַי־דאַ־דאַי,— און ז. וו.

XII. יאַק דאָ מקוה פּריִבּיִהאַיוּ,
סעָבּעָ דאָבּרעָ יאַ קוּפּאַיוּ [2].
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

XIII. יאַק יאַ סעָבּעָ ווּעָקוּפּאַיוּ,
יאַ דאָ דאָמוּ פּריִבּיִהאַיוּ.
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

XIV. יאַק דאָ דאָמוּ פּריִבּיִהאַיוּ,
יאַ האָריִלקעָ ווּעָפּיִוואַיוּ [3].
טאַי־דאַ־דאַי, — און ז. וו.

XV. יאַק האָריִלקעָ ווּעָפּיִוואַיוּ,
זאַראַז ספּאַטעָ יאַ ליאַהאַיוּ [4].
טאַי־דאַ־דאַי, דאַי־דאַי, דאַי־דאַי
טאַי־דאַ־דאַי, דאַי־דאַי, דאַי־דאַי [5].

בּיעָלאָצעָרקעָוו, (קיִעָוו. גוּב.) ד. פּאַטעל

1) טוּ-אוים — 2) באַד איך מיך אוים ווי ס׳דאַרף צו זיין. — 3) טריִנק איך אוים בראַנפֿעָן. — 4) תּיכּף לעָג איך מיך שלאָפֿעָן. — 5) ב״ם. —



№ 55.

I.

שיִקט דעָר האַר אַ פּאָאָר אין וואַלד אַראַן, [1]
אַ פּאָאָר אין וואַלד אַראַן, —
עָר זאָל די עָפּוּ ראַסן [2], עָר זאָל די עָפּוּ ראַסן.
פּאָאָ [3] וויל נישט עָפּוּ ראַסן.
עָפּוּ וויל ניש פֿאַלן [4], אין עָפּוּ וויל ניש פֿאַלן.

II.

שיִקט דעָר האַר אַ קעָציעָ אין וואַלד אַראַן,
אַ קעָציעָ אין וואַלד אַראַן, —
ס׳זאָל דעָם פּאָאָ דראַפּעָן, ס׳זאָל דעָם פּאָאָ דראַפּעָן.
קעָציעָ וויל ניש פּאָאָ דראַפּעָן,
פּאָאָ וויל נישט עָפּוּ ראַסן,
עָפּוּ וויל ניש פֿאַלן, אין עָפּוּ וויל ניש פֿאַלן.

III.

שיִקט דעָר האַר אַנ׳ יִנטיעָ [5] אין וואַלד אַראַן,
אַנ׳ יִנטיעָ אין וואַלד אַראַן, —
ס׳זאָל דאָס קעָציעָ באַסן, ס׳זאָל דאָס קעָציעָ באַסן.
יִנטיעָ וויל ניש קעָציעָ באַסן,
קעָציעָ וויל ניש פּאָאָ דראַפּעָן, — און ז. וו. (ווי אין II)

1) אין רעָדעָן קליִנגט די שורה אַזוי: „שיִקט דעָר האַ ר׳אַ פּאָאָ ר׳ין וואַלד אַראַן״. — פֿאַר אַ וואָקאַל רײַסט זיך די שלוּם-ר אָפּ פֿון פֿריִערדיקעָן וואָרט אין גיסט זיך צעָנויף מיט׳ן פֿאָלגעָנדיִקעָן.
2) עָפּעָל רײַסעָן. — באַסן - בײַסעָן (III, 3).
3) פֿאַר אַ קאָנסאָנאַנט פֿאַלט די שלוּם-ר לגמרי אַרוים.
4) פֿאַר אַ קאָנסאָנאַנט ווערט די שלוּם-ט פֿעָרשלוּנגעָן; פֿאַר אַ וואָקאַל בלײַבּט זי („נישט עָפּוּ״ I, 4).
5) „הינטיעָ״ — די ה ווערט אין ווארשא ניט אויסגעָשראָכעָן. דערפֿאַר באַקומט פֿאַר דעָם וואָרט: אַ וואוילקלאַנג - נ אין אַרטיִקעָל (אַנ), און אַ שלוּם-ט אין „נישט״.

IV.

שיקט דער האר אַ שטעקיע אין וואלד אראן, –
אַ שטעקיע אין וואלד אראן, –
ס'זאָל דאָס יִנטיע שלאָגן, ס'זאָל דאָס יִנטיע שלאָגן.
שטעקיע וויל נישט יִנטיע שלאָגן,
יִנטיע וויל ניש קעציע באַסן, – און ז. וו. (ווי אין III)

V.

שיקט דער האר אַ פֿײַאַר אין ¹) וואלד אראן
אַ פֿײַאַר אין וואלד אראן, –
ס'זאָל דאָס שטעקיע ברענען, ס'זאָל דאָס שטעקיע ברענען.
פֿײַאַ ²) וויל ניש שטעקיע ברענען,
שטעקיע וויל נישט יִנטיע שלאָגען, – און ז. וו. (ווי אין IV)

VI.

שיקט דער האר אַ וואַסאַר ³) אין וואלד אראן,
אַ וואַסאַר אין וואלד אראן, –
ס'זאָל דאָס פֿײַאַ לעשן, ס'זאָל דאָס פֿײַאַ לעשן.
וואַסאַ וויל ניש פֿײַאַ לעשן,
פֿײַאַ וויל ניש שטעקיע ברענען –, און ז. וו. (ווי אין V)

VII.

שיקט דער האר אַן אָקס אין וואלד אראן,
אַן אָקס אין וואלד אראן, –
ער זאָל דאָס וואַסאַ טרינקען, ער זאָל דאָס וואַסאַ טרינקען.
אָקס וויל ניש וואַסאַ טרינקען,
וואַסאַ וויל ניש פֿײַאַ לעשן, – און ז. וו. (ווי אין VI)

VIII.

שיקט דער האר אַ שוחט אין וואלד אראן.

¹) אין דער אויסשפּראַך: „פֿײַאַ ר׳ינ״. — ²) פֿאַר אַ קאָנסאָנאַנט די ר פֿערלוירען. — ³) „וואַסאַר׳ינ״.



אַ שוחט אין וואלד אראן, –
ער זאָל דעם אָקס שעכטן, ער זאָל דעם אָקס שעכטן.
שוחט וויל נישט אָקס שעכטן,
אָקס וויל ניש וואַסאַ טרינקען, – און ז. וו. (ווי אין VII)

IX

שיקט דער האר דעם מלאך-המות אין וואלד אראן,
דעם מלאך-המות אין וואלד אראן, –
ער זאָל דעם שוחט שעכטן, ער זאָל דעם שוחט שעכטן.
מלאך-המות וויל ניש שוחט שעכטן,
שוחט וויל נישט אָקס שעכטן, – און ז. וו. (ווי אין VIII)

.X

גייט דער האר אַליין אין וואלד אראן,
אַליין אין וואלד אראן, –
ער זאָל דעם מלאך-המות שעכטן, ער זאָל דעם מלאך-המות-
שעכטן.
מלאך-המות וויל שוין שוחט שעכטן,
שוחט וויל שוין אָקס שעכטן,
אָקס וויל שוין וואַסאַ טרינקען,
וואַסאַ וויל שוין פֿײַאַ לעשן,
פֿײַאַ וויל שוין שטעקיע ברענען,
שטעקיע וויל שוין יִנטיע שלאָגן,
יִנטיע וויל שוין קעציע באַסן,
קעציע וויל שוין פּאָאָ דראַפּען,
פּאָאָ וויל שוין עפּו ראַסן.
עפּו וויל שוין פֿאַלן, און עפּו וויל שוין פֿאַלן.

ווארשא. פ. שוויד[illegible]

## № 56.

### וואַריאַנט.

I

גאָט אָט אַראָנגעשיקט אײַן פאָע¹) אין וואַלד אַראָן, —
זאָל די עפּל ראַסן, זאָל די עפּל ראַסן.
דער פאָע וויל ניש די עפּל ראַסן,
עפּל וויל ניש פאַלן, עפּל וויל ניש פאַלן.

II.

גאָט אָט אַראָנגעשיקט אײַן הינט אין וואַלד אַראָן, —
זאָל דעם פאָע באַסן, זאָל דעם פאָע באַסן.
דער הינט וויל ניש דעם פאָע באַסן
דער פאָע וויל ניש די עפּל ראַסן
די עפּל ווילן ניש פאַלן, די עפּל ווילן ניש פאַלן.

III.

גאָט אָט געשיקט אײַן שטעקן אין וואַלד אַראָן, —
זאָל דאָס הינטל שלאָגן, זאָל דאָס הינטל שלאָגן.
דער שטעקן וויל ניש דאָס הינטל שלאָגן,
דאָס הינטל וויל ניש דעם פאָע באַסן, — און ז. ו.

IV.

גאָט אָט געשיקט אײַן פײַער אין וואַלד אַראָן, —
זאָל דעם שטעקן פערברענען, זאָל דעם שטעקן פערברענען.
דאָס פײַער וויל ניש דעם שטעקן פערברענען,
דער שטעקן וויל ניש דאָס הינטל שלאָגן, — און ז. ו.

V.

גאָט אָט געשיקט אײַן וואַסער אין וואַלד אַראָן, —
זאָל דאָס פײַער לעשן, זאָל דאָס פײַער לעשן.

¹) פּוייער.



דאָס וואַסער וויל ניש דאָס פײַער לעשן,
דאָס פײַער וויל ניש דעם שטעקן פערברענען, — און ז. ו.

VI.

גאָט אָט געשיקט אײַן אָקס אין וואַלד אַראָן, —
זאָל דאָס וואַסער אָסטרינקען, זאָל דאָס וואַסער אָסטרינקען.
דער אָקס וויל ניש דאָס וואַסער אָסטרינקען,
דאָס וואַסער וויל ניש דאָס פײַער לעשן, — און ז. ו.

VII.

גאָט אָט געשיקט אײַן שוחט אין וואַלד אַראָן, —
זאָל דעם אָקס שאַכטן, זאָל דעם אָקס שאַכטן.
דער שוחט וויל ניש דעם אָקס שאַכטן,
דער אָקס וויל ניש דאָס וואַסער טרינקען, — און ז. ו.

VIII.

גאָט אָט געשיקט דעם מלאך־המות¹) אין וואַלד אַראָן, —
זאָל דעם שוחט שאַכטן, זאָל דעם שוחט שאַכטן.
דער מלאך־המות וויל ניש דעם שוחט שאַכטן.
דער שוחט וויל ניש דעם אָקס שאַכטן, — און ז. ו.

IX.

גאָט איז אַלײַן אַראָן אין וואַלד אַראָן, —
דער מלאך־המות וויל שוין דעם שוחט שאַכטן,
דער שוחט וויל שוין דעם אָקס שאַכטן,
דער אָקס וויל שוין דאָס וואַסער טרינקען,
דאָס וואַסער וויל שוין דאָס פײַער לעשן,
דאָס פײַער וויל שוין דעם שטעקן פערברענען.
דער שטעקן וויל שוין דאָס הינטל שלאָגן,
דאָס הינטל וויל שוין דעם פאָע באַסן,
דער פאָע וויל שוין די עפּל ראַסן,
די עפּל ווילן שוין פאַלן, די עפּל ווילן שוין פאַלן.

יוסף ראָזענפעלד.

ראַדאָם.

¹) אין אויסשפּראַך: „מלאַך־המאָוועס".

№ № 55—56 — פֿאָלקס „חד-גדיא".

אָבער נאָר ס'ליטעראַרישע געביי גענומען פֿון קינדיש-נאַאיווען מעשה'לע, מיט וועלכען די הגדה שליסט זיך. די איִדעע — א וועלבסטשטענדיקע.

אין דער פּסחדיקער „חד-גדיא" — אין פּאָעטישער פֿאָרם אדורכגעפֿירט די אידעע פֿון עונש: ס'קעצעלע אָפּגעגעסען ס'ציגעלע, — איז געקומען דער ראָף 'א הינטעלע. קיין שלעכ'ן בלייבט נישט אונבעשטראָפֿט, און וואָסער פֿאָרם און צוליב וואָסערע סבות עס זאָל ניט געטוהן ווערען, — אפֿ'ן הינטעלע געקומען א שטעקעלע; דערנאָך, אפֿ'ן שטעקעלע — א פֿייערל, אפֿ'ן פֿייערל — א וואַסערל, און אזוי ווייטער, ביז'ן פֿאַנטאַסטישען סוף, ווען דער הקדוש-ברוך-הוא שעכט דעם מלאך-המות אליין, — אויס טויט! — אנ'עק מיט אל'עס בייז!...

די אידעע פֿון די אויבענגעבראַכטע צחיי לידער:

... די אַלוועלט — איין גאַנצעס, און דער בורא — זיין נשמה. דער מעכ-טיגער ווי, ען פֿון באשעפֿער — די אַלגעמיינע און איינאונצאיציקע אורזאך פֿון יעדען טאט. אימליכע ערשיינונג, ווי דראָבנע זי זאָל ניט זיין, איז נאָר אַנ' אָפּשפּיגלונג פֿון יאיינעטאונדעמוזעלביקען רצון, וואָס דרינגט-דורך אלץ און יש. זייענדיק דער תוך, דער אָנהעב און דער סוף פֿון אלעם, וואָס עקזיסטירט.

דער אייבערשטער האָט באשאַפֿען, — „אריינגעשיקט אין וואלד ארײַן"— א עפּעלבוים, א פֿויער, א הינטעל, א שטעקען, א פֿייער, א וואַסער און ז. וו. און ז. וו., ד. ה. כל מיני לעבעדיקע וואַכען און טויטע שטאָפֿען, און יעדע ערשיינונג האָט א באַזונדער ציל, א באַזונדער אָפּגאָב בעקומען. ס'איז אָבער נאָך נעמיק געווען דעם רבונו-של-עולם'ס דונערדיק וואָרט, דער אָפּגעצייכענ-טער סדר זאָל זיך פֿערווירקליכען, עס זאָל אָנהייבען פֿונקציאָנירען דער מעכאַ-ניזם, וואָס באַשטייט פֿון אַנ'אונענדליך צאָל צאָנינע רעדעלעך: איינס פֿער-טשעפּעט ס'צווייטע און ברענגט עס אין בעוועגונג.

איז, ווידער, דעם כביכול'ס ווילען — די אויסשליסליכע, אַלייןהער-שענדיקע ספּרינזשינע פֿון גאַנצען יש, — האָט שוין אלץ אונטער לער זין זיין בערעכטיגונג, אלץ איז א מגו. אונזער מענשיש אויג זעהט ארום א סך שלעכץ, אומרעכט, גוואַלדטאַט, פֿערניכטונג, — קיין זאך איז אָבער ניט ווילקירליך: אזוי איז דער פֿערלאַנג פֿון השם-יתברך, און ניט מיר, מיט אונזער קורצער ראיה, קאָנען משיג זיין זיין כונה.

(וועט מיין ארט, „אונזער לעבען", 1910, פּסח-נומער)

די פֿאָלקס-„חד-גדיא" געהערט צו די סאַמע-ע, צמע און סאַמע פֿער-שפּרייטעטע יידישע לידער. ניטאָ קיין יידיש שטעטעל, וואו איר זאָלט די גראַציעזישע פּאָעמע ניט בעגעגענען.

דער אונטערשיד צווישען די וואַריאַנטען איז מערסטענטיילס ניט קיין גרויסער: א סטראָפֿע מער, א סטראָפֿע וועניגער; אַנ'אַנדער אויסדריק, אַנ'אַנ-דער וואָרט.

איין וואַריאַנט — בא ג.-ם. (№ 125).

אינטערעסאַנט: לידער אף דעמזעלביקען טאָמע ווערען אונגעהייער פֿערשפּרייט אויך צווישען די דייטשישע פֿעלקער.



אין „אורקוועל", V, 108, ברענגט ד"ר אלבערט הערמאַן פּאָסט א וואַריאַנט, וועלכען, לויט זיינע ווערטער, „אויך אין ברעסען 'אימליכס קינה קען אף אויסענווענינג".

דער אָנהייב פֿון דעם דייטשישען ליד:

דא שיקט דער העררדען יאָכען הין: ער זאָל דען האפֿער שניידען.

דער יאָכען שניידט דען האַפֿער ניכט ונד קאָממט ניכט ווידער נאָך הויז.

דא שיקט דער העררדען פּודעל הין: ער זאָלל דען יאָכען בייססען,

דער פּודעל בייסט דען יאָכען ניכט, דער יאָכען שניידט דען האפֿער ניכט ונד זיע קאָממען ניכט ווידער נאָך הויז.

דערנאָך ווערען געשיקט: דער פּריגעל, דאַס פֿויער, דאָס וואַססער, דער אָקסע, דער שלאַכטער, דער הענקער און דער טויפֿעל, — צו לעצט:

דא געהט דער העררדען זעלבער הין ונד וויל דען יאָכען האָלען.

דער טויפֿעל האָלט דען הענקער, דער הענקער הענקט דען שלאַכטער, דער שלאַכטער שלאַכטעט דען אָקסען, דער אָקסע זויפֿט דאס וואַססער, דאס וואַססער לעשט דאס פֿויער, דאס פֿויער ברענגט דען פּריגעל, דער פּריגעל פּריגעלט פּודעל, דער פּודעל בייסט דען יאָכען, דער יאָכען שניידט דען האַפֿער, דא קאָממען אללע ווידער נאָך הויז".

נאָר בא די דייטשען, זעהען מיר, איז עס טאַקי ניט מער ווי א קינדער-מעשה'לע, אָהן א טיפֿערען זין. „ונד קאָממט ניכט ווידער נאָך הויז"; „ונד זיע קאָממען ניכט ווידער נאָך הויז", „דא קאָממען אללע ווידער נאָך הויז". — די פֿראַוען, ווי אויך דער „העֶרר" (בעל-הבית) ענטשטאַמט גאָט, מאַכען ס'גאַנצע ליד לגמרי ערדיש, אָהן א פֿונק רעליגיעזישען רעפֿלעקס.

נאָך דייטשישע וואַריאַנטען געפֿינען זיך בא:

1) ערק, „דויטשער ליעדערהאָרט", № 1745
2) ביהמע, „דויטשעס קינדערליעד אונד קינדערשפּיעל", № 1260 b
3) ראָכהאָלץ, „אַלעמאַנ. קינדערליעד אונד קינדערשפּיעל", № 275
4) שטייבער, „עלזעסס. פֿאָלקסביכליין", № 103
5) זימראָק, „דאָס דויטשע קינדערבוך", № 949
6) „באַיערישע קינדער אונד פֿאָלקסרייםע", № 39
7) ווינסלאָצקי, „פֿאָם וואַנדערנדע ציגוינערפֿאָלקע", 1890, ז 120—121.
8) וועגענער, „פֿאָלקסטימליכע ליעדער", III № 1048
9) מילר עגנהאָף, „זאַגען, מערכען אונד ליעדער", ז' 470.
10) פֿירמעניך, „גערמאַניענס פֿעלקערשטימען", III, 92.
11) פֿרישביער, „פֿאָלקסרייםע אונד פֿאָלקסשפּיעל", ז' 110 107.

ד״ר א. לאנדוי („מיט.״, XI) דענקט, אז די יידישע לידער שטא־מען נים פון דער „חד־גדיא״, נאר פון די דייטשישע נוסחאות. דער דייטשישער פאלקלאריסט דאלהאלץ, אבער, טענה׳ט בעשטימט, אז, פערקערט, די דייטשישע לידער גופא וואקסען פון אונזער „חד־גדיא״.

אויך די פוילישע מאסע פערמאגט ענליכע לידער. איין „פשיפאווי־יאסטקא א בארא̈נקי״ האט פערעפענטליכט פ׳ וואפיע גרינבערג אין לעמ־בערגער פאלקלאריסטישער צייטשריפט „ליוד״ (II, 22—30), גאר, ליידער, האב איך אין ווארשא דאסדאזיקע, העפט גראד נישט געקאנט אפזוכען. — אנ׳אנדער וואריאנט האט פערשריבען ה׳ סעווערין אודזיעליא הינטער וועלימשקע (גאליציען)—אפגעדריקט אין דעמזעלביקען ארגאן (IV, 291). דער אנהעב:

Stworzuł Pan Bóg koze,
Zeby gruski trzęsła.
Koza nie kce grusek trząsać,
Gruski nie kcą lecieć.

(„באשאפען האט דער הארגאט א ציג, זי זאל בארען טרייסלען, ציג וויל ניט בארען טרייסלען, בארען הילען ניט פאלען״).

דערנאך גייט אלין לויט׳ן בעקאנטען נוסח, אפילו די פארם איז די אייגענע, א געקייטעלטע, — נאך דער ציג האט דער הארגאט באשאפען א הונט, א שטעקען, א פייער. אנ׳אקס. מיט׳ן אקס ענדיגט זיך אבער דאס פוילישע מעשה׳לע. דעם סוף איז דעם פערשרייבער נישט געראטען אויסצוזוכען.

אין דעם ליד פיגורירט נאך דער הארגאט, — אנ׳אנדער פוילישער וואריאנט (פערשריבען פון פ׳ אלעקסאנדרא רומעל יווונא בא א דארפישען פאסטאך און געדרוקט אין ווארשעווער מאנאטסשריפט פאר געאגראפיע און עטנאגראפיע „וויסלא״, 1904, 538) איז שוין ריין פון דעם עלעמענט, — שטעלט פאר אנ׳איינפאכיק קינדעריש מעשה׳לע.

Posed wilk na łyki, koza na ozechi. Pzysed wilk z łykami — kozy nima z ozechamy. — „Pocekaj ty, wilku, spusce ua cie ludzi!“ — Ludzie nie chcą wilka ganiać, wilk niechce kozy sukać, niema kozy z ozechamy...

(געגאנגען איז וואלף רייסען קארע פון בוים, ציג — נאך ניס. געקומען וואלף מיט דער קארע — נישטא ציג מיט די ניס! — „ווארט, דו וואלף, כ׳וועל אף דיר אנלאזען מענשען!״ מענשען ווילען נישט וואלף יאגען, וואלף וויל נישט ציג זוכען, נישטא ציג מיט די ניס!...)

דערנאך ווערט אנגערייצט דאמב, זאל מענשען ברעכען; האק, זאל דאמב שניידען; פייער, זאל האק ברענען; וואסער, זאל פייער לעשען; אקס, זאל וואסער טרינקען; קיילער, זאל אקס שעכטען. — קיינער, אויסער׳ן טויט, פאלגט נישט: „טויט גייט שוחט שעכטען; שוחט גייט אקס שעכטען, און ז. וו. — וואלף גייט ציג זוכען, ציג בע־ע־ע מיט די ניס!״



ענדליך, קאן איך דא ברענגען אנ׳ אוקראינער „חד־גדיא״, וועלכע טראגט אויך דעם כאראקטער פון א פשוט מעשה׳לע פאר קינדער. [1])

Злетів горобець на билину та й каже: „Билино, поколиши горобця, доброго молодця!“ Билина каже: „Не хочу!“ — А горобець каже: „Підіть по козу: нехай коза йде билини гризти, бо билина не хоче поколихати горобця, доброго молодця“. Каже й коза: „Не хочу!“ — „Ідіть по вовка!“ —

(אראפגעפלויגען שפערלינגעל אף בוים און זאגט: „בוים, הוידע אבי־סעל שפערלינגעל, דעם וואוילען יונג!״ — בוים זאגט: „איך וויל נישט!״ — שפערלינגעל זאגט: „מ׳דארף גיין נאך ציג: זאל ציג גיין ם גריזען, ווייל בוים וויל נישט הוידען שפערלינגעל, דעם וואוילען יונג״. — זאגט אויך ציג: „וויל איך נישט!״ — „מ׳דארף גיין נאך וואלף!״).

וואלף וויל נישט ציג עסען; מענשען ווילען נישט וואלף שלא־גען; מאטערן ווילען נישט מענשען האקען; פייער וויל נישט מאטערן ברענען; וואסער וויל נישט פייער לעשען; אקס וויל נישט וואסער טרינקען; דראנג וויל נישט אקס שלאגען; ווערעם ווילען נישט דראנג עסען; הינער ווילען נישט ווערעם פיקען; בלויז דער שוליאק פאלגט: לאזט זיך אף די הינער, — דאן פאלגט שוין אלץ..., ביז׳ן בוים: „הוי־וי־וי־ויד, הוי־וי־וי־ויד!״ — אפגעהוידעט שפערלינגעל, דעם וואוילען יונג... —

ווי ס׳שיינט, איז די „חד־גדיא״ איינס פון די אויבערגעפענע וואנדער־מעשה׳לעך... ווי אזוי גייט־צו דער פראצעס פון איר פערשפרייטונג? — דאס איז שוין איינער פון די פילע סודות פון דער פאלקספאעזיע...

---

צו № 56 וואריאנטען (דער חסיד, פולטוסק):

די ערשטע דריי פערזען אין יעדער סטראפע, (אויסער דער לעצטער):

דער בעל־הבית האט אראפגעשיקט א פויער אין וואלד אראן,
א פויער אין וואלד אראן, —
ער זאל די עפל ראסן.

דער בוי פון די איבריגע פערזען אין אלע סטראפען:

פויער וויל נישט עפל ראסן,
און עפל וויל נישט פאלן,
עפל וויל נישט פאלן.

ד. ה.: א) הויפטווערטער אהן ארטיקעל („עפל״ אנשטאט „די עפל״ ;— אויך „קפץ וויל נישט פויער דראפען״; „הינט וויל נישט קאץ באסן״ און ז. וו.); ב) איינצאל אנשטאט מערצאל („עפל וויל נישט פאלן״). —

[1]) „Українські народні казки, вибрані для дітей“ — Упорядкував Б. Грінченко, — У Києві, 1907. — 11.

צווישען דער ערשטער און דער צווייטער סטראָפֿע קומט די פֿאָלגענדיקע (פֿערגלייך 55 ב.):

דער בעל־הבית האָט אַראָפּגעשיקט א קאָץ אין וואַלד אַרײַן,
א קאָץ אין וואַלד אַרײַן, —
זאָל דעם פֿויגעל דראַפּען ... און ז. וו.
דער אָנהייב פֿון דער לעצטער סטראָפֿע:
דער בעל־הבית איז אַראָפּגעקומען אַליין אין וואַלד אַרײַן,
אַליין אין וואַלד אַרײַן,
ווײַ'ם מלאך המות שאַכטען.

---

## № 57.

I. נאָט אָט באַשאַפֿען הימעל און [1]) ערד.

II. פֿון דער ערד — א קאָריען [2]) ארויס.
דער קאָריען — פֿון דער ערד,
נאָט אָט באַשאַפֿען הימעל און ערד.

III. פֿון דעם קאָריען — א בוים ארויס.
די בוים — פֿינ'ם קאָריען,
דער קאָריען — פֿון דער ערד,
נאָט אָט באַשאַפֿען הימעל און ערד.

IV. פֿון דעם בוים — צוואַנגען ארויס.
די צוואַנגען — פֿון דער בוים,
די בוים — פֿינ'ם קאָריען ... , — און ז. וו. (ווי אין III).

V. פֿון די צוואַנגען — א נעסט [3]) ארויס.
דער נעסט — פֿון די צוואַנגען,
די צוואַנגען — פֿון דער בוים ... , — און ז. וו. (ווי אין IV).

VI. פֿון דעם נעסט — א פֿויגעל ארויס.
דער פֿויגעל — פֿון דעם נעסט,
דער נעסט — פֿון די צוואַנגען ... , — און ז. וו. (ווי אין V).

[1]) און. — [2]) רוסיש: וואָרצעל. — [3]) נעסט.



VII. פֿון דעם פֿויגעל — א פֿעדער ארויס.
דער פֿעדער — פֿון דעם פֿויגעל,
דער פֿויגעל — פֿון דעם נעסט ... — און ז. וו. (ווי אין VI)

VIII. פֿון דעם פֿעדער — א קישען ארויס.
דער קישען — פֿון דעם פֿעדער,
דער פֿעדער — פֿון דעם פֿויגעל ... — און ז. וו. (ווי אין VII)

IX. פֿינ'ם קישען — א מויד ארויס.
די מויד — פֿינ'ם קישען,
דער קישען — פֿון דעם פֿעדער ... און ז. וו. — (ווי אין VIII)

X. פֿון דער מויד — א בחור ארויס.
דער בחור — פֿון דער מויד,
די מויד — פֿון דעם קישען ... — און ז. וו. (ווי אין IX)

XI. פֿינ'ם בחור — די תורה ארויס.
די תורה — פֿינ'ם בחור,
דער בחור — פֿון דער מויד,
די מויד — פֿינ'ם קישען,
דער קישען — פֿינ'ם פֿעדער,
דער פֿעדער — פֿינ'ם פֿויגעל,
דער פֿויגעל — פֿינ'ם נעסט,
די נעסט — פֿון די צוואַנגען,
די צוואַנגען — פֿון דער בוים,
די בוים — פֿינ'ם קאָריען,
דער קאָריען — פֿון דער ערד,
נאָט אָט באַשאַפֿען הימל און ערד.

סלאַוואַטע. יעקב סקאַליעצקי.

דאָס ליד איז מיר איינגעשיקט געוואָרען מיט א טיטעל: „גאָטור־ליד“. מען קאָן אין אים אויך איינזעהן א שטיקעל פֿילאָזאָפֿישע אידעע, — דעם מאָנאָטעאיסטישען געדאַנק וועגען אחדות פֿון יש. „נאָט האָט באַשאַפֿען הימעל און ערד“; — און אלץ, וואָס ס'איז דערנאָך ענטשטאַנען, איז שוין בלויז א לאָגישער פּועל־יוצא פֿון דעם ערשטען אַקט. פֿון דער ערד האָט זיך א וואָרצעל אויסגעוואַקסען, פֿון וואָרצעל — א בוים,

פֿון בוים — צוויַיגען און ז. ח. און ז. וו., — דאָס לעצטע רינגעלע אין דעם ענטוויקלונגספּראָצעס און זײַן קרוין — איז די תּורה.

אַצווייטער אויספֿיר: אַלץ, וואָס עקזיסטירט, איז אײַנגעס געבונ־דען. דאָס זײַנען בוים, פֿויגעל, מענש, — פֿערשידענע וואַלען, און דאָך איז פֿאַראַן צווישען זיי אַפּנימע קרובה׳שאַפֿט: אַקייט פֿון איין עוואָלוציע זענען זיי, געקניפּט מיט די פֿערבאָרגענסטע וואָרצלען, אַלס אורוואַך און פֿועל־יוצא.

---

## № 58.[1]

וואָס אַט מען צי זאָרגען
וואָס וועט זײַן מאָרגען?
ליבערש לאָמער טראַכטען,
וואָס ס׳איז געווען נאַכטען:
אָפשר וועט מען קענען
עפּעס פֿאַראַכטען ...[2]

ראַדאָם. י. ראָזענפֿעלד.

---

## № 59.

I. — אוי, רבּינו, וואָס עט זאַן, אַז משיח עט קימען?
— אַ גרויסע סעודה, אַ גרויסע סעודה, אַ גרויסע סעודה עט מען מאַכן!
אוי, משיח עט קימען! אוי, משיח עט קימען!

II. — אוי רבּינו, וואָס עט מען טרינקען אָף דער סעודה?
— יין־יושן, יין־יושן, יין־יושן עט מען טרינקען!
אַ גרויסע סעודה עט מען מאַכען!
אוי, משיח עט קימען! אוי, משיח עט קימען!

III. — אוי רבּינו, וואָס עט מען עסן אָף דער סעודה?

---

[1]) וואַריאַנט בײַ ג.־ם. נום. 20

[2]) פֿון דעם ליד שטאַמט אַפֿירפֿערזיק שפּריכוואָרט: „וואָס האָט מען צו זאָרגען, וואָס ס׳וועט זײַן מאָרגען; לאָמען בעסער פֿערעכטען, וואָס מ׳האָט קשליע געמאַכט נעכטען".



— שור־הבר און לויתן, שור־הבר און לויתן, שור־הבר און לויתן עט מען עסן!
יין־יושן עט מען טרינקען,
אַ גרויסע סעודה עט מען מאַכן!
אוי, משיח עט קימען! אוי, משיח עט קימען!

IV. — אוי רבּינו, ווער עט אינץ טײַלן אָף דער סעודה?
— שלמה־המלך, שלמה־המלך, שלמה־המלך עט אינץ טײַלן!
שור־הבר און לויתן עט מען עסן ... — און ז. וו. (ווי אין III)

V. — אוי רבּינו, ווער עט אינץ לערנען אָף דער סעודה?
— משה־רבּנו, משה־רבּנו, משה־רבּנו עט מיט אינץ לערנען,
שלמה־המלך עט אינץ טײַלן ... — און ז. וו. (ווי אין IV)

VI. — אוי רבּינו, ווער עט אינץ שפּילן אף דער סעודה?
— דוד־המלך, דוד־המלך, דוד־המלך עט אינץ שפּילן!
משה־רבּנו עט מיט אינץ לערנען ... — און ז. וו. (ווי אין V)

VII. — אוי, רבּינו, ווער עט אינץ טאַנצען אָף דער סעודה?
— אהרן־הכּהן, אהרן־הכּהן, אהרן־הכּהן עט אינץ טאַנצען,
דוד־המלך עט אינץ שפּילן ... — און ז. וו. (ווי אין VI)

VIII. — אוי רבּינו, ווער עט אינץ קוויטלאַך שראַבן אָף דער סעודה?
— אוי עזרא־הסופר, אוי עזרא־הסופר, עזרא־הסופר עט אינץ קוויטלאַך שראַבן!
אהרן־הכּהן עט אינץ טאַנצען ... — און ז. וו. (ווי אין VII)

IX. — אוי רבּינו, ווער עט אינץ בענטשן אָף דער סעודה?
— אוי אברהם־אבינו, אוי אברהם־אבינו, אוי אברהם־אבינו עט אינץ בענטשן!
עזרא־הסופר עט אינץ קוויטלאַך שראַבן,
אהרן־הכּהן עט אינץ טאַנצען,
דוד־המלך עט אינץ שפּילן,
משה־רבּנו עט מיט אינץ לערנען,
שלמה־המלך עט אינץ טײַלן,
שור־הבר און לויתן עט מען עסן.

יין-יושן עט מען טרינקען,
אַ גרויסע סעודה עט מען מאַכן...
אוי, משיח עט קומען! אוי, משיח עט קומען!

סאָלאָטשעוו. פ. וואָלראַט.

---

## № 60

וואַריאַנט.

I. – רבינו, וואָס עט זאַן, אַז משיח עט קומען?
– ס'עט זאַן אַ סעודה!

II. – רבינו, וואָס עט מען טון אויף די סעודה?
– דעם שור-הבּר עט מען שאַכטן [1]
אויף די סעודה האַנט! [2]

III. – אַך רבינו, וואָס עט מען טון אויף די סעודה?
– דעם לויתן עט מען שאַכטן,
בּשר ודגים עט מען עסן
אויף די סעודה האַנט.

IV. – אַך רבינו, וואָס עט מען טרינקען אויף די סעודה האַנט?
– יין-שמר עט מען טרינקען,
בּשר ודגים עט מען עסן
אויף די סעודה האַנט.

V. – אַך, רבינו, ווער עט דאָס זינגען אויף די סעודה האַנט?
– אהרן-הכּהן מיט די הייליקע לויים!
יין-שמר עט מען טרינקען... און ז. וו. (ווי אין IV)

VI. – רבינו, ווער עט אינץ שפּילן אויף די סעודה האַנט?
– דוד-המלך עט אינץ שפּילן,
אהרן-הכּהן עט אינץ טאַנצען,

---

[1] בּים. — [2] היינט. —



די לויים עלן אינץ זינגען,
יין-שמר... און ז. וו. (ווי אין V)

VII. – רבינו, ווער עט אינץ תּורה לערנען אויף די סעודה האַנט?
– משה-רבּנו עט אינץ תּורה לערנען,
דוד-המלך עט אינץ שפּילן... און ז. וו. (ווי אין VI)

VIII. – אַך רבינו, ווער עט בּענשן אויף די סעודה האַנט?
– אברהם-אבינו עט אינץ בּענשן, [1]
משה-רבּנו... און ז. וו. (ווי אין VII)

IX. – אַך רבינו, ווער עט אינץ קוויטלאַך שראַבּן [2] אויף די סעודה האַנט?
– עזרא-הסופר עט אינץ קוויטלאַך שראַבּן,
אברהם-אבינו... און ז. וו. (ווי אין VIII)

X. – רבינו, ווער עט האַלטן דעם כּוס צי בּענשן אויף די סעודה האַנט?
– יצחק-אבינו עט האַלטן דעם כּוס [3],
עזרא-הסופר... און ז. וו. (ווי אין IX)

XI. – אַך רבינו, ווער עט זאַן דער אַראָנגאַנג אין לאַנד אַראָן נאָך די סעודה?
– יעקב-אבינו עט זאַן דער אַראָנגאַנג, [3]
יצחק-אבינו... און ז. וו. (ווי אין X)

XII. – אַך, רבינו, ווער עט זאַן דער ערשטער אַראָנגאַנג אין בּית המקדש?
– דער אייבּערשטער מיט משיח'ן עלן אַראָנגיין,
מיט אַלע יידאַלאַך אין בּית-המקדש אַראַן.
מ'עט טאַנצען, מ'עט שפּרינגען,
מ'עט הוליען, מ'עט זינגען,
מ'עט מקריב זאַן קרבּנות.
יעקב-אבינו עט זאַן דער אַראָנגאַנג,

---

[1] בּים. — [2] שרייבּן. — [3] בּים. —

יצחק=אבינו עט האַלטן דעם כּוס,
עזרא=הסופר עט אינץ קוויטלאַך שרייבן,
אברהם=אבינו עט אינץ בענטשן.
משה=רבנו עט אינץ תּורה לערנען,
די לויים עלן אינץ זינגען,
אהרן=הכּהן עט אינץ טאַנצען,
דוד=המלך עט אינץ שפּילן.
יין=שמר עט מען טרינקען,
בשר=ודגים עט מען עסן
אָף די סעודה האַנט...

מאָלאָטשקעוו. ה. ל. [illegible]

## № 61.

I. דער הייליקער משיח, אַז ער וועט קימען
וועלן מיר זאַן די ערשטע אָף דער שלאַכט.
צי די דאַטשען [1]) וועלן מיר זיך נעמען —
מ'וועט זיי שלאָגן בּאַטאָג אין בּאַנאַכט.
נאָר ווער?
זרח אין ברוך, יעקל=זאַנוויל, זינדעל=גרינדעל,
חיים=שמעריל, שמעריל=בּשיל, נעציל=
זריאל — וועלן פירן דאָס גאַנצע רעדל.
קיילא=ביילא, יענטע=סימאַ, סימאַ=בלימאַ, פּיינע=
יענטע, חנה=בּאַראַנע, יאַכנע=דעוואָשע —
וועלן גיין צים מצוה=טענצל.

II. דער רבּי וועט נאָר זאַן דער קאָמענדאַנט;
ער וועט קאָמאַנדירן אַהין אין אַהער.
אין איך(?) — דער אַדיעטאַנט,
די חסידים — דאָס מיליטער.

[1]) דאַטשען. —



זיי וועלן אָנהייבן פין תּורה צו שמועסן,
צי מאַכן זייערע העוויות, —
אין איך וועל פּריוון שיסן
אין די הילטייעס.
נאָר ווער? — (אין ז. װ. ווי אין I)

III. די וואַכעלעך וועלן זיך פאַרגליסטן אָף בּעלער צי גיין,
זיי ווילן טאַנצען מיט פרעמדע יינגעלאַט.
אין איך, דער רבי, וועל זיי וואָזן,
וואָס אַ באַל בעטאַט [1]).
נאָר ווער? — (אין ז. װ. ווי אין I)

IV. פאַר דעם לויתן וועט ציטערן די וועלט.
דער שור=הבּור וועט ציברימען — מ'וועט אים הערן איבעראַל
ס'וועט דינערן אין בּליצען מיט רעגן, מיט קעלט.
אַ מורא וועט אָף די דאַטשן פאַלן.
זיי וועלן זיך בעטן, איך זאָל זיי לאָזן לעבן,
זיי זאָלן זאַן בּאַם רבּי'ן משרתים,
אין די דאַטשקעס וועל איך דעם רבּי'ן איבערגעבן,
אין צי די רבּי'צין — די אפּיקורסים. [2])
נאָר ווער? — (אין ז. װ. ווי אין I) [3])

לעשנאָ. יצחק אייזיק בּרעפס.

## № 62. [4])

I. — נבאי!
— וואָס וויל דער רבּי?
— דער רבּי וויל, מ'זאָל דערלאַנגען די חלות.

[1]) בעטאַט. — [2]) כאַראַקטעריסטיש: ס'טרעפט אָפטמאָל אין די פרומע חסידישע לידער, אַז צום שלום, פלעגבמען זיך אַריין פרעכע עטליכע שורות. אפשר דערפאַר, וואָס זיי ווערן געזונגען שמחת-תּורה, ווען מ'איז שוין אביסעל בגילופינדיק?...
[3]) אַנ'ענליך ליד האָב איך געהערט אין טשערנאָווין (בוקאָווינע).
[4]) דיאַלאָג צווישען אַ חסיד און דעם רבּי'נס משמש.

— נאָך וואָס טויג די חלות?
— צו שנאָדן מוציא׳ס לכבוד שבת.
אָך, עונג לשבת, בעם-בעם-בעם-בײַ,
אָך, עונג ליום טוב, חאַ-חאַ-חאַ-חאַ! [1]

II. — גבאי!
— וואָס וויל דער רבי?
— דער רבי וויל, מ׳זאָל דערלאַנגען די פיש.
— נאָך וואָס טויג די פיש?
— אַרױמטײַלן די חסידימלעך, וואָס זיצן בײַ׳ן טיש.
אָך, עונג לשבת... און ז. וו. (ווי אין I)

III. — גבאי!
— וואָס וויל דער רבי?
— דער רבי וויל, מ׳זאָל דערלאַנגען דעם קוגעל?
— נאָך וואָס טויג די קוגעל?
— אַרױמטײַלן די חסידימלעך, וואָס זיצן ווי אַ׳ן עיגול.
אָך, עונג לשבת... און ז. וו. (ווי אין I) [2]

פולטוסק. דער חסיד.

---

## № 63.

### וואַריאַנט.

I.

— גבאי, וואָס וויל דער רבי?
— די רבי׳צין זאָל געבן.
— וואָס זאָל זי געבן?
— וואַן [3]!
— וואָס טויג דעם רבי׳ן וואַן?
— איך זאָל אַרױמטײַלן די חסידימלעך,
וואָס זײַ וועגען נײַן! [4]

II.

— גבאי, וואָס וויל דער רבי?
— די רבי׳צין זאָל געבן.
— וואָס זאָל זי געבן?
— חלות!
— וואָס טויג דעם רבי׳ן די חלות?
— דער חסיד, וואָס קומט צום רבי׳ן,
איז אַ גרויסער דלות!

---

[1] דער צוזינג - בים. — [2] ענליך ליד בא ג.-מ. נומ. 373. — [3] יוין. — [4] נאָך יעדער סטראָפֿע קומט דערזע, ביקער צוזינג ווי אין נומ. 62.



III.

— גבאי, וואָס וויל דער רבי?
— די רבי׳צין זאָל געבן.
— וואָס זאָל זי געבן?
— פיש!
— וואָס טויג דעם רבי׳ן פיש?
— איך מיז אַרױמטײַלן די חסידימלעך,
וואָס זיצן מיר אַרום באַם טיש.

IV.

— גבאי, וואָס וויל דער רבי?
— די רבי׳צין זאָל געבן.
— וואָס זאָל זי געבן?
— לאָקשן!
— נאָך וואָס טויג דעם רבי׳ן די לאָקשן?
— איך זאָל אַרױמטײַלן די חסידימלעך,
וואָס זיצן אַרום מיר, ווי די אָקסן.

V.

— גבאי, וואָס וויל דער רבי?
— די רבי׳צין זאָל געבן.
— וואָס זאָל זי געבן?
— פלייש!
— וואָס טויג דעם רבי׳ן פלייש?
— איך זאָל אַרױמטײַלן די חסידימלעך,
וואָס זינגען מיט מיר רבא מראש.

VI.

— גבאי, וואָס וויל דער רבי?
— די רבי׳צין זאָל געבן.
— וואָס זאָל זי געבן?
— וואַסער צום בענשן!
— נאָך וואָס טויג דעם רבי וואַסער
צו בענשן?
— איך זאָל אַרױמטײַלן מײַנע
חסידימלעך,
וואָס זיצן אַרום מיר ווי די
מענשן.

קאַליש (שעדלעצער גוב.) פ. גראַובאַרד.

---

## № 64.

### צווייטער וואַריאַנט

I. — גבאי!
— וואָס-זשע ווילסטו, רבי?
— זאָג דער רבי׳צין, לאָז זי דערלאַנגען די פיש.
די חסידימלעך זיצען שוין אַרום טיש:
אוי-אוי-אוי-אוי, עונג שבת!
אוי-אוי-אוי-אוי, עונג שבת!
עונג שבת, אוי, אוי, אוי!
עונג שבת, אוי!

II. – גבאי,
– וואָס=זשע ווילסטו, רבי?
– זאָג דער רבי'צין, לאָז זי דערלאַנגען די לאָקשען:
די חסידימלעך האָבען זיך אויסגעהינגערט אַזוי ווי דעם רבינ'ס
אָקסען.
אוי=אוי=אוי... און ז. וו. (ווי אין I)

III. – גבאי!
– וואָס=זשע ווילסטו, רבי?
– זאָג דער רבי'צין, לאָז זי דערלאַנגען דעם קוגעל:
די חסידימלעך האָבען זיך אויסגעהינגערט אַזוי ווי דעם רבינ'ס
ציגעל.[1]
אוי=אוי=אוי... און ז. וו. (ווי אין I)

IV. – גבאי!
– וואָס=זשע ווילסטו, רבי?
– זאָג דער רבי'צין, לאָז זי דערלאַנגען דאָס פלייש:
די חסידימלעך לעקען שוין דעם שווייס.
אוי=אוי=אוי... און ז. וו. (ווי אין I)

V. – גבאי!
– וואָס=זשע ווילסטו, רבי?
– זאָג דער רבי'צין, לאָז זי דערלאַנגען דעם צימעס פון די
פלאָמען:
אַ'ניט וועט אַ רוח אין איר טאַטענס מאַמען.[2]
אוי=אוי=אוי... און ז. וו. (ווי אין I)

א ז ל א נ אָ ו ו (פּאָדאָליען). יוסף זאיטשיק.

---

[1]) דעמינוטיוו פון „ציג“.

[2]) אין ק י עַ ו ו ע ר און פ אָ ד אָ ל עַ ר גוב. וואָרט אַנשטאָט אַ כמעט אויסשליסליך געברויכט אָ (טאָטי, מאָמי, באָבי, אָלע, כּלה, קאָץ און ז. וו.).— האראַקטעריסטיש: אין ז ש י ט אָ מ י ר, וואָס ליגט 4 מײַל פון ב ע ר ד י ט ש ע ו, רעדט מען „מיט'ן פ ת ח“, און אין ט ש ו ד נ אָ ו ו, וואָס שטייט אויף דעמזעלביקען מהלך פון בערדיטשעוו, רעדט מען שוין „מיטן ק מ ץ“.



## № 65.

### I.

פנינה, פנינה איז געגאַנגען מיט אירע צען זין שפּאַצירען.
חנה, חנה איז געזעסען אין אירע קוואַטירען.
– חנה, חנה, צי וואָס טויג דיר דיין וועלט,
„אַז דו ביזט געגלעקלעכט צו איין דאַר פעלד?“[1]
חנה, חנה איז געגאַנגען אין בית המקדש אַריין און האָט
אָנגעהויבען צו וויינען און צו ברומען,
ביז איר מאַן אֶלקנה איז פון דער שול אַהיימגעקומען[2].
– אֶלקה, אלקנה, צו וואָס טויג מיר מיין וועלט,
„אַז פנינה גלאַכט מעך צו איין דאַר פעלד?“
– אַז גאָט וועט וועלן דאָס פעלד צו דערפרייען,
„וועט מען, אם=ירצה=השם, דאַרויף גוטע פירות זייען!“[3]
... „וואָס טוט דאָ אַזאַ פערטרונקענע פרוי?“[4] – „איך בין נישט
פערטרונקען פון מעד און פון וויין,
נאָר פון צרות און פון גרויס פיין!“[5]

### II.

– פנינה, פנינה, חנה איז שוין אין ערשטען חדש!“[6]
– אַבי נאָך נישט אין דריטען חדש!“[7]
– פנינה, פנינה, חנה איז שוין אין דריטען חדש!“
– אַבי נאָך נישט אין פינפטען חדש!“
– פנינה, פנינה, חנה איז שוין אין פינפטען חדש!“
– אַבי נאָך נישט אין זיבטען חדש!“
– פנינה, פנינה, חנה איז שוין אין זיבטען חדש!“
– אַבי נאָך נישט אין נײַנטען חדש!“

---

[1]) דאָס זאָגט פנינה. –

[2]) אין דער פוילישער איבערזעצונג, וואָס דער פערשרייבער האָט פערעפענטליכט אין אויבען אײַנמאָל שוין דערמאָנטען ביכעל, קלינגען די צוויי פערזען אַנדערש:

Chana zaczęła płakać i użalać się,
Skoro mąz Elkana z bożnicy powrócił..

[3]) דאָס זאָגט, אפנים, אלקנה, דאָס ווייב צו טרייסטען.—

[4]) דאָס פרעגט עלי („שמואל א'“, א', י"ד).

[5]) ענטפערט חנה. – („שמואל א'“, ב', ט"ו).

[6]) דאָס רייצט מען זיך מיט פנינה'ן. — [7]) ענטפערט פנינה.—

— פנינה, פנינה, חנה איז שוין אין נײַנטען הדש!"
— אבי איך הער נאך נישט קיין קול פון קולות!"

III.

מזל טוב איעדען באזונדער:
חנה האט אנגעהויבען צו האבען קינדער!
— פנינה, פנינה, הנה האט שוין געטון א קינד האבען, —
און דו האסט שוין געטון צווײ באגראבען!" [1])
— פנינה, פנינה, חנה האט שוין געטון צווײ קינדער האבען, —
און דו האסט שוין געטון פיר קינדער באגראבען!"
— פנינה, פנינה, חנה האט שוין געטון דרײ קינדער האבען, —
און דו האסט שוין געטון זעקס קינדער באגראבען!"
— פנינה, הנה האט שוין געטון פיר קינדער האבען, —
און דו האסט שוין געטון אכט קינדער באגראבען!"...

— חנה, חנה, לאז שוין מיר האקסען צווישען דײנע...

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

מזרח-גאליציען. ב. ה. זעגעל.

אין יידישען טעקסט פעלט דער סוף. — די פוילישע איבערזעצונג ענדיגט זיך אזוי:

„Chano, Chano, tyś dobra i szlachetna,
Pozwól temu jednemu chować się między twojemi!"
„Penyno, Penyno, wezmę twoje dziecko do siebie,
Niech rośnie w zdrowiu, i twojem zostanie!"

פנינה בעט זיך בא הנה'ן, זי זאל נעמען איר לעצט-פערבליבען קינד צו זיך, — ווײל, ווי ה' זעגעל דערקלערט, — „בא דער יידישער מאסע איז פאראן א גלויבען, אז א מאמע, בא וועלכער קינדער שטארבען, דארף איר קינד קלאפערשט פערקויפען אזא פרוי, בא וועלכער קינדער האלטען זיך יא". — הנה געדענקט שוין נישט, וויפיל זי האט זיך אנגעליטען פון פנינה'ן, — און דערפילט מיט פערגעניגען די בקשה פון דער אמאל העכסט גליקליכער און יעצט גאר אומגליקליכער פרוי. —

דאס ליד איז א לויבגעזאנג דער גײַסטיגער אײַדעלקײַט פון חנה'ן, וועלכע איז זער פאפולער בא די יידישע ווײַבער, — ניט איין תחנה הײבט זיך אן מיט די ווערטער: „ליבער גאט, לאז מיר גענינען דעם זכות פון אונזער

[1]) דאס רײַצט מען זיך מיט פנינה'ן, — און זי ענטפערט שוין, נעבעך, נישט.



מוטער חנה, אז זי איז געגאנגען פאר עלי הכהן אין בית-המקדש אריין תפלה טאן".

די אידעע פון ליד איז א העכסט-מאראלישע: פאר שלעכץ באדארף מען שטענדיק באצאלען מיט גוטס; רײנע נשמות ווײסען נישט, וואס קנאה איז.

№ 66.

ניט מארגן, מאני ליבע הערן!
האט איר נישט געטיען אמאל הערן,
שריפטן, ביכער לערן?
יונה-הנביא איז א גרויסער ווארזאגער געוועזן!

ווי יונה-הנביא האט געטיען אף די שיף אראפקומען,
האט אים א גרויסער ווינט ארומגענומען.
ווי דער ווינט האט אים געטריבן אהין און אהער,
ביז ער איז געקומען צו דעם טיפן מער.

ניע פוידושעש [1]) ניע סאם, [2])
ניע פוידושעש ניע טאם, [3])
סוואיעם ושאנעם אי דושעצי. [4])
טעביע [5]) סמאל [6]) זא ושאני [7]) דא סמערטי. [8])

דארף בענצאמין, בא דער וויסעל,ווארש. גוב. פ. גראובארד.

№ 67.

I. Szedł balaban [9]) z boznicy,
Spotkał go chusyd w ulicy:
Miał sie chusyd rozspiewac,
Balaban głupi — rozgniewac. [10])

[1]) פערדארבען פויליש: „וועסט נישט גײן". — [2]) נישט דא, נישט אהער. [3]) נישט אהין. — [4]) מיט זין (דײן) ווײב און קינדער. — [5]) דיך. — [6]) פון Smalić (ברענען, פארשווארצען). — [7]) פארן ווײב. — [8]) ביז טויט.
[9]) באלאבאן — א דארפס-בעל-הבית, א רענדאר, א ישובי'ניק, א פאכציאזש.
[10]) „בעגאנגען א באלאבאן פון שול, בעגעגענט האט אים א חסיד און נאס, געוואלט האט זיך דער חסיד צעזינגען, דער נארישער באלאבאן — צעבאזערן זיך".

חסיד.

II. Hej, balabanie! na cez ty zyjesz?
Rano wstajesz, krowe doisz,
Kartofle skrobisz, snadanie gotujesz,—
A Boga wc?le sie nie boisz!
Ale my, chusyty, inacej zyjemy:
Boga chwalimy, calem sercem sluzymy![1])

באַלאַבאַן:

III. Całem sercem — nie slujzysz, ale żyjesz:
W karczmie wszastka wodka wypijesz,—
A za to zona i dzieci
Wałesaja sie po swiecie.[2])

חסיד: ⸗

IV. Prawda, zyjemy, ale i Bogu sluzymy,
Cadikow szanujemy, wiary sie uczymy;
A ty — pamiętaj — potem... pozalujesz!—
A jak nie wierzysz, to mie...[3]) jesz.[4])

פּולטוסק.

דער חסיד.

ס'ליד שטאַמט, זאָגט מען, פֿון קאָצק. —
פּורים, בּײַ דער סעודה, פֿערשטעלט זיך אײנער פֿאַר אַ באַלאַבאַן, דער אַנדערער — פֿאַר אַ חסיד, — מיט אַ פּוס און דער האַנט שפּילט מען אָפּ דעם דיאַלאָג.



[1]) „העי, באַלאַבאַן! צו וואָס לעבסטו גאָר? פֿרי שטייסטו-אוף, די קי מעלקסט, קאַרטאָפֿעל שײלסט, אָנבײסען קאָכסט, און פֿאַר גאָט האָסטו גאָר קײן מורא נישט! אָבער מיר, חסידים, אַנדערש לעבען: גאָט לויבען מיר, מיט'ן גאַנצען האַרצען דינען מיר!"

[2]) „מיט'ן גאַנצען האַרצען — ניט דינסט, נאָר לעבסט: אין שענק דעם גאַנצען בראַנפֿען טרינקסט-אויס, און דערפֿאַר װײַב און קינדער װאַלגערן זיך אַרום אױף דער װעלט". —

[3]) „אמת, מיר לעבען, אָבער אױך גאָט דינען מיר, צדיקים שעצען מיר, תורה לערנען מיר; און דו — געדענק — שפּעטער... װעסט חרטה האָבען! און אַז גלייבסט נישט, טאָ"...

[4]) דאָס לעצטע וואָרט פֿערשטײ איך נישט. —



# יום-טוב לידער.

## № 68.

אַז ראש-חודש אֶלול קומט שאָן אָן,
מען טוט אַ בּלאָז מיט דעם שופֿר, —
דאָ דערמאָנט זיך אַ יעדער מאַן:
דאָס ער איז נאָר אַ עפֿר.
דער מאַן לעגט אַוועק אַלע בײזע מחשבות,
די װײַב טוט אויס דעם קרינאָלין;
אַלע פֿאָרען אױף קבר-אָבות,
דער זכות זאָל בײַשטײן בּיום הדין.

קרלסנר. ה. סיבּעלוזאָן („מיפּי" III).

## № 69.

### אײן ליד פֿון שמחת-תּורה.

1. אָנפֿאַנגען[1]) װעלן מיר צו זינגען מיט אַ הױכן[2]) שטים לכבוד אונזער תּורה, װאָס זי איז גיגעבּן גיװאָרן מיט פֿאַרלצום[3]) צו לױבּן אונזער הײליגן גאָט, דער, װאָס האָט אונז דערװײלט און האָט אונז די תּורה גיגעבּן מיט אירע צען גיבּאָט.

2. בּאַשײדן װעל איך די זאַך גאַנץ און גאָר,
װי עס האָט זיך מיט אונזער תּורה דערגאַנגען װאָר:

[1]) פֿון 1—22 — נאָכ'ן אלף-בית. — [2]) דײַטשישע פֿאָרם. — אױף יידיש: מיט אַ הױכער שטימע. — [3]) זאָל עס שטאַמען פֿון דײַטשישען בײַװאָרט „פֿאָרלאַנג" (?) —

און זי פֿאַרבאָרגען וואַר [1]) פֿון בריאַת-עולם אָן צוויי טויזנט יאָר [2])
דערנאָך איז זי אונז געגעבן געוואָרן גאַנץ און גאָר.

3. גאָט דער אַלמעכטיגער וואַר זיינע מלאכים אין הימל פרעגן:
— זאָל איך די תורה צו די לייט, וואָס אויף דער ערד, געבן?"
און באַלד ענטפֿערן די מלאכים אַלע צוגלייך:
— אויך [3]) גאָט, לאָז דאָך זיין דיין שיינהייט אין הימל-רייך".

4. דאָ שפּראָך גאָט צו די מלאכים: „איר ענגל-שאָרן [4]), די הייליגע תורה אייך צו געבן, דאָס קאָן ניט זיין.
„איך וועל [5]) פֿון די, וואָס אויף דער ערד, אויך געלויבט זיין.
„לאָזן זיי וויסן, אַז קיינער איז קיין גאָט אויף דער וועלט ניט מיין,
„נאָר איך אַליין".

5. הייבן די מלאכים אָן צו זאָגן צו גאָט: „דו האַר פֿון דער גאַנצער וועלט,
„ווי זאָלסטו געבן אַזעלכע הייליקייט צו לייט, וואָס זיינען פֿון ערד געשטעלט!
„גיב אונז, ענגל-שאַר,
„מיר וועלן זיך באַמיהען אין איר גאַנץ און גאָר".

6. ווי באַלד דער אַלמעכטיגער גאָט טוט דאָס פֿון זיי הערן,
אַזוי באַלד ענטפֿערט ער צו די מלאכים-שאָרן:
— איך זאָג אייך די זאַך גאַנץ קלאָר און וואָר:
„איר קענט ניט האָבן די תורה, פֿאַר-וואָר [6])
„ווייל אין מצרים זייט איר ניט געווען גאָר."

7. זו באַלד ווי די מלאכים דאָס וואָל פֿאַרשטיין,
זאָגן זיי: „נו קאָנען מיר ניט האָבן די תורה מיין,
„ווייל די צען געבאָט-טוט מיט אשר-הוצאתיך ממצרים [7]) זאָגן
„און מיר האָבן דריגען ניט געאַרבייט און ניט געטראָגן.

[1]) „פֿאַרבאָרגען וואַר" – געווים פֿון דייטשישען אימפּערפֿעקטום סײַן: („וואַר" – „וואַרד"). — [2]) פֿערגלייך ווייטער סטר. 3. — [3]) פֿערגרייזט פֿון „אוי". — [4]) כאָרען. — [5]) וויל (?). — [6]) פֿאַר-וואָר – ווערפֿאַר. — [7]) „שמות, כ', ב'. —



8. „חי וקים, דיך צו לויבן פֿרי און שפּעט!" —
און די מלאכים זיינען געגאַנגען פֿאָרט [1]).
און טוט רופֿען [2]) צו [3]) משה צו זיין הייליג אָרט,
און גאָט זאָגט צו משה מיט זיין הייליגע געבאָט: [4])

9. — מו ניט זאַמען, מיין געטרייער קנעכט,
„און גיי צו מיין פֿאָלק ישראל גיך און גשווינט
„און זאָג זיי מיט דעם וואָרט:
„איך גיב זיי די תורה מיט אירע צען געבאָט.

10. „ישראל מיין פֿאָלק, די קינדער פֿון אברהם, יצחק און יעקב, וואָס זיינען צו מיר געליבט, —
„די תורה, וואָס איז געווען באַהאַלטן בבית גנזי, האָבן זיי געהיט, —
„דרום, משה, מיין געטרייער קנעכט, מו זיי פֿרעגן:
„אויב זיי וועלן דעם יאָך פֿון דער תורה פֿאַרטראָגן?"

11. כל-ישראל וועלן גלייך בלב אחד זיין.
דאָ קומט משה צו לויפֿן צום גאַנץ געמיין [5]),
און וואַר זיי די זאַך פֿרעגן, —
אַזוי טוען כל-ישראל „נעשה ונשמע" זאָגן:

12. — „ליבער משה, גאָרהאַפֿטיגער מאַן,
„וואָס דער לעבעדיגער גאָט וועט דיר באַפֿעלן, וועלן מיר אַלץ טאָן.
„ער איז איין איינציגער גאָט איבער אַלע באַשעפֿעניש,
„ער האָט אונז געפֿירט איבער דעם ים אין דער טריקעניש".

13. משה רבינו וואַר דער ענטפֿער זו געפֿעלן רעכט.
דאָ קומט ער צו גיין מיט וואָל נעמיט
און שפּראָך: „ליבער איינציגער גאָט,
„דיין שליחות האָב איך דיר אויסגערעכט גאַנץ און גוט.

[1]) אוועק. — [2]) גאָט. — [3]) רופֿען צו – צורופֿען. — [4]) באַפֿעל. —
[5]) געמיין (דייטשיש, בײַוואָרט). — „צום גאַנץ געמיין" – צו גאַנץ קהל. —

14. „נערגיץ איז קיין פאלק ניט פארהאנדן,[1]) נאר ישראל אליין,
„וואס איז אונטערטעניג זיינען פון גרויס ביז קליין;
„ווי איך האב זיי גיטאן[2]) נעשה ונשמע זאגן...

15. „סומך זיין וועלן זיי זיך אויף מיינע רייד...[3])
„און פריד אויף דיר, גאט גיבאט!
„דיינע וואונדער ווער קאן דערציילן, איינציגער גאט,
„וואס דו טוסט פרי און שפעט!"

16. ענטפערט גאט צו משה: „קום אהער, מיין הייליגער קנעכט!
„רוף מיר צו אהרן און כל ישראל און די זקנים גאנץ גישלעכט.
„איידער זיי גייען צום בארג סיני, זאג זיי באצייטן,
„אז זיי זאלן שטיין פון ווייטן"[4]).

17. פארלטן ווארן זיך די זקנים פאר גאט,
אבער משה גינעהענט מיט פארכט
און רעט מיט גאט איין היפשע צייט;
דערנאך זאגט ער צו כל ישראל: „איר זאלט אלע צום דריטן טאג זיין אנגיברייט".[5])

18. ציען טוען די ישראל צום בארג סיני, דעם אויסדערוויילטן בארג,
זעהן זיי די גרויסע וואונדער גאר שטארק.
„אבער הייליגן מוזט איר עך דריי טעג און דריי נעכט,[6])
דען זונדער דעם וועט איר די וואונדער צו זעהן ניט האבן קיין מאכט".

[1]) דייטשיש: „פארהאנדען" (בעוואוסט, — „עקזיסטירענדיקער"). — היינט: פארא! — [2]) דא מוז עפעס פעלען. — [3]) „שמות", י"ט, ח'. — [4]) „שמות", י"ט, י"ב. — [5]) דארטען, י"ט, ט"ו. — „אנגיברייט" — פון דייטשישען „בערייטען". — היינט זאגט מען: גרייט, צוגעגרייט. — [6]) „שמות", י"ט, ו'. —



19. קליין און גרויס, און אלע גימיין, און אלע הייליגע נשמות ווארן קומען דארטן
מיט גרויס פארכטן.
זיי אנטפאנגען פון דעם אלמעכטיגן גאט זיין גאב
און פארנעמען[1]) זיין זאג.

20. רעכט אן דעם אלמעכטיגן גאט דאס איז פינף טאג אין סיון וואר.
דא נידערט דער אלמעכטיגער גאט אראפ מיט זיין ענגלישע שאר;
דעם הימל[2]) האט ער אויף דעם בארג סיני אויסגישפרייט, —
דערונטער[3]) ווארן שטיין אלע לייט.

שטארקע גייסער ווארן אנפאנגען,
שרעקליכע בליצן און דונערן[4]) ווארן אויף דעם בארג סיני אויפגיין.

21. דא ווארן כל ישראל זעהן גרויסע וואונדער פון גאט.
דער אלמעכטיגער גאט האט זיי גיטאן זאגן פון די צען גיבאט.
און נאר פון זיי אטייל[5]) האבן זיך כל ישראל פאר דערשרעקעניש אהינטערגירוקט[6]) דריי מאל.

22. תיכף ווארן די מלאכים קומען און האבן ווידערגיקערט כל ישראל אויף זייער ארט.[7])
הייבן אן כל ישראל צו זאגן ביט איין דערשראקן הארץ:
„משה, משה, די הייליגע גיבאט!
„רייד דו מיט אונז גאטס גיבאט:
„טאמער וועלן מיר שטארבן פון וועגן גרויס קול פון גאטסווארט"...[8])

[1]) הערען-צו. — [2]) אין „שמות", י"ט, ט"ז, בלויז: „וענן כבד על ההר". — [3]) „שמות", י"ט, י"ז. — דערונטער (אף דייטשיש: „דארונטער") — אונטען. — [4]) „שמות", כ', ט"ו. — [5]) אומשטאנדסווארט. — [6]) „שמות", כ', ט"ו. — [7]) רש"י. — [8]) „שמות", כ', ט"ז. —

23. צוויי טויזנט יאָר איידער די וועלט איז באַשאַפֿן גיוואָרן,[1]
האָט מיך מײַן באַשעפֿער באַשאַפֿן און מאַכן גיבאָרן, —
פֿאַר צוויי און צוואַנציג דורות
און פֿאַר די שני מאורות.
איך האָב אין מיר צען גיבאָט.
ווער עס וועט דאָס האַלטן, וועט ניט קומען צו שאַנד
און שפּאָט;
איך וויל דאָס וועט וויסן, וואָס אין מיר איז גישלאָסן,
זײַן אייביג לעבן וועט ער דורך מיר גיניסן.
איך לאָז אײַך מײַנע צען גיבאָט פֿאַרשטײַן געבן —
וועט אײַך דריגען גימאָלט זײַן דאָס וויסונג, וואָס מען
וועט לאַנג לעבן.

24. דאָס ערשטע איז:
אנכי[2]... איך בין גאָט אַליין,
און אוים מצרים האָב איך אײַך אויסגיצויגן דורך גישריי
און גיוויין. —
דרום גיהערסטו דעם איינעם גאָט צו האַלטן,
דען פֿון דײַנעטוועגן, ישראל, האָב איך דעם ים
גישפּאָלטן.[3]
אויך זאָלסטו דיר ניט מאַכן קיין בילד פֿון קיינערליי
גישטאַלט,
אויך ניט צו דינען זיי, ניט בוקן, —
דען גאָט ברוך הוא וועט דײַן פֿערטן גיבורט מאָן רעכט.

25. דאָס אַנדערע[4] איז:
לא תשא[5]... דו זאָלסט בײַ גאָטס נאָמען ניט שווערן
פֿאַלש צו דײַן חבר דורך געלט באַהאַלטן.[6]
דרום זאָלסטו גאָט ב"ה האַלטן,

[1] דאָס זאָגט די תורה. — [2] „שמות", כ', ב'. — [3] דאָ ענדיגט זיך, אייגענטליך, די ערשטע „דברה". ווײַטער גייט שוין די צווייטע: לא תעשה"... — די מחברים פֿון ליד האָבן זיי אויסגעמישט, צוליב'ן איניוועניגסטען לאָגישען צוזאַמענבונד. — [4] אייגענטליך, איז „לא תשא" — די דריטע דברה. — [5] „שמות", כ', ז'. — [6] דאָ מוז עפּעס פֿעלען (דער „דרום" באַמתום). —



און צוהערן —
און בײַ זײַן נאָמען ניט פֿאַלש שווערן.

26. דאָס דריטע[1] איז:
זכור את יום השבת[2]... דעם טאָג שבת זאָלסטו גי־
דיינקען און הייליג האַלטן:
דען אין זעקס טעג האָט גאָט הימל און ערד און דעם
ים באַשאַפֿן,
און אין דעם טאָג שבת האָט גאָט גירועט, —
דרום זאָלסטו דעם טאָג רעכט האַלטן.

27. דאָס פֿערטע[3] איז:
כבד את אביך ואת אמך[4]... דײַנע פֿאָטער און מו־
טער זאָלסטו ערליך האַלטן,
וואָס זיי ווילן דיר הייסן, זאָלסטו דיך צו זייערע רייד
קערן:
פֿון דעם הימל האָט מען דיר גיטאָן דאָס פֿאַרווערן.

28. דאָס פֿינפֿטע[5] איז:
לא תרצח[6]... דו זאָלסט דײַן חבר ניט מאָרדן און ניט
שלאָגן,
אויך זאָלסטו קיין שנאה ניט טראָגן, —
דען דו וועסט פֿון דעם הימל ווערן גישטראָפֿט און
גישלאָגן:
דרום האָט ער דיר פֿון הימל דאָס ניטאָן פֿאַרזאָגן.

29. דאָס זעקסטע[7] איז:
לא תנאף[8]... דעם־לייבן קיין שחוק ניט צו טרײַבן,
דען איבער דעם מוזן מיר אין צרות בלייבן,
דען דאָס אַלץ טוט נאָר דער שטן פֿאַרפֿירן.

[1] אייגענטליך — דאָס פֿערדע. — [2] שמות, כ', ח'. — [3] פֿיפֿטע. — [4] שמות כ', י"ב. — [5] זעקסטע. — [6] שמות, כ', י"ג. — [7] זיבעטע. — [8] שמות, כ', י"ג. —

30. דאָס זִיבְּעָטְעָ[1]) אִיז:

לא תגנוב[2])... דו זאָלסט נִיט גנבֿ'נעָן און פֿאַר דײַן חבר פֿאַרהוילן;
אויך נִיט פֿאַלש צו מעָסטן אָדעָר צו וועָגן[3]), —
דעָן גאָט וועָט דיך ח"ו שטראָפֿן און בעָסטעָן.

31. דאָס אַכְטְעָ[4]) אִיז:

לא תענה[5])... קײַן פֿאַלשעָ עדות אִין דײַן גיזעָלן נִיט צו באַצײַגן,
דעָן בעָסעָר זאָלסטו נאָר שווײַגן;
אויך נִיט שופך דם צו זײַן מִיט דײַנעָם רײדן,
אויך נִיט בײזעָ דברים צו באַשײדן.

32. דאָס נײַנטעָ[6]) אִיז:

לא תחמוד בית רעך[7])... דײַן חבר'ס הויז זאָלסטו נִיט גילוסטן.

33. דאָס צעָנטעָ אִיז[8]):

לא תחמוד אשת רעך... דײַן חברס ווײַבּ נִיט צו גילוסטן,
אויך אײַן קנעָכט און אײַן דינסט, אַלצדינג פֿון דײַן גיזעָלן, —
דאָס זאָלסטו אַלץ נִיט ווען.

34. און דרום האָבּן אַלעָ גיבּאָט צעָן רײדן,
דאָס מעָן זאָל זיך פֿון בײזן אָפּשײדן.
אויך האָט גאָט גיטאָן די וועָלט דורך מִיר אָנריכטן,
דעָן ווער מיך טוט היטעָן, באַקומט גרויס אַכטן;
דעָן אִין מִיר טועָן משפּטן אַלעָ הערן און גראַפֿן,
ווען צווײַ לײַט ווילן משפּט האָבּן.

35. דאָ זאָגט הקבּ"ה צו מִיר: „הײליגעָ טאָכטעָר, ווילסטו זײַן אײַן הערן?

---

1) אַכטעָ. — 2) שמות, כ', י"ג. — 3) אבן-עזרא. — 4) נײַנטעָ. — 5) שמות, כ', י"ג. — 6) צעָנטעָ. — 7) שמות, כ', י"ד. — 8) על-פּי-טעָות אִיז די צעָנטעָ דברה צעָטײלט געָוואָרען אַף צווײ. —



„דאָ מוזטו גײן פֿון מִיר אויף דער ערדן, ווען דיך האַלטן אַלעָ גראַפֿן און הערן".
דאָ קומען די מלאכים צו שוועָבּן:
— אונזעָר הער גאָט, ועמען ווילסטו די תּורה געָבּן?
„צו אײן מענש פֿון פֿלײש און בלוט?
„ער ווער נאָכגײן נאָך זײַן גלוסט!
„דרום, ליבּעָר הער גאָט, גיבּ די תּורה אונז ענגל שאָרן:
„מִיר וועָלן זי האַלטן און עהרן"...
דאָ ענטפֿערט הקבּ"ה: „איר הײליגעָ מלאכים, מײַן תּורה קענט איר נִיט מקבּל זײַן, דען אִין דער הײליגער תּורה שטײט, פֿאָטער און מוטער זאָל מען ערליך האַלטן און עהרן, —
„און דאָס קען אײַך נִיט אָנגיהערן:
„קײַן בשר ודם האָט אײַך נִיט גיטראָגן,
„דאָס איר זאָלט קענען כבּד אביך ואמך זאָגן.
„דרום מוז די הײליגעָ תּורה צו לײַט ווערן גיגעָבּן.
„די, וואָס ווילן דרינעָן מיהען, די וועָלן האָבּן דאָס לעָבּן".[1])

36. דאָ האָט גאָט גיזאָגט צו דעָם שר ישראל — דערזעָלבּיגעָר אִיז מיכאל:
— „פֿאַר וואָר[2]) די ישראל — עם קדוש, זײ וועָלן מײַנעָ רײד קענען פֿאַרטראָגן, נאָר
„נעשה ונשמע וואָרן[3]), פֿאַר וואָר[2]),
„די הײליגעָ תּורה — מײַן ליבּעָ טאָכטעָר — דו מוזט אויף דער ערד גיגעָבּן ווערן דורך אײַן איש-ישר". —

37. — תּורה, די טאָכטעָר דו מײַן,
„דאָ וועָט קומען צו גײן אברהם דער פֿרומעָר[4]), —
„פֿאַר אײַן גוטן פֿרײַנד זאָלסטו אים אָננעָמען,
„פֿאַר וואָר ער אִיז אײַן פֿרומעָר מאַן:

---

1) 35-טעָ סטראָפֿעָ חזר'ט איבּער דעָם אינהאַלט פֿון 4—5-טעָ סטראָפֿען. — 2) דערפֿאַר ווײל. — 3) דאָ מוז עפּעָס זײַן פֿאַרדאָרבּען, ווײל דער פֿערז אִיז גאָר נִיט פֿערשטענדיק. — 4) דאָרף, קענטיג, זײַן ווי ווײַטער, אִין 39: „דאָ וועָט קומען אברהם דער פֿרומעָר צו גײן דיך נעָמען".

„אין קאַלך-אויבן האָב איך אים גיהײסן גײן, נאָר מײַן
גלויבן צו אָפּפּערן טאָן".
דאָ ענטפערט די תורה: „יאָ, ער איז אַ פרומער מאַן,
„דאָך וויל איך בעסער זיצן ווי אײן אײנציגע טאָכטער
בײַ איר פאָטער".

38. דאָ זאָגט הקב"ה צו דער הײליגער תורה: „די טאָכטער,
תורה דו מײַן!
„דאָ וועט קומען יצחק דער פרומער מאַן צו גײן,[1]
„פאַר אײן גוטן פרײַנד זאָלסטו אים אָננעמען,
„פאַר וואָר ער איז אײן פרומער מאַן:
„מקריב זײַן האָט ער זיך פאַר וואָר לאָזן טאָן".
דאָ ענפערט די תורה: „יאָ, ער איז אײן פרומער מאַן,
„דאָך וויל איך זיצן ווי אײן אײנציגע טאָכטער בײַ איר
פאָטער".

39. דאָ זאָגט הקב"ה צו דער הײליגער תורה: „די טאָכטער
דו מײַן!
„דאָ וועט קומען יעקב דער פרומער מאַן צו גײן דיך
נעמען, —
„פאַר אײן גוטן פרײַנד זאָלסטו אים אָננעמען:
„קײן חוץ-לארץ האָב איך אים גיהײסן גײן,
„האָט ער מײַן גיבאָט גיטאָן".
דאָ ענטפערט די תורה צו הקב"ה: „יאָ, ער איז אײן
פרומער,
„דאָך וויל איך בעסער זיצן ווי אײן אײנציגע טאָכטער
בײַ איר פאָטער".

40. זאָגט הקב"ה צו דער הײליגער תורה: „מײַן טאָכטער דו
מײַן!
„דאָ וועט קומען משה דער פרומער מאַן[2], —
„פאַר אײן גוטן פרײַנד זאָלסטו אים אָננעמען.

[1] דאַרף זײַן ... „צו גײן דיך נעמען". — [2] ... „צו גײן דיך נעמען".



„אַלע נסים האָב איך אין מצרים דורך אים גילאָזן טאָן; —
„צו כל ישראל וועט ער לאָזן לערנען דײַנע מצות און
חוקים און משפטים צו טאָן,
„צום אײביגן לעבן וועט ער דיך ברײַנגען, —
„פאַר וואָר תורת משה נאָך זײַן נאָמען וועסטו ווערן
גירופען".
דאָ ענטפערט די תורה: „מיט משה דעם פרומען מאַן
„בין איך מסכים פון הימל אויף דער ערד צו גײן".

41. דאָ רופט גאָט צו משה: „משה, דו פרומער מאַן!
„אײן זיסן דערמאַנונג — דאָס איז די תורה — וועל איך צו
די ישראל געבן, —
„דורך דעם וועלן זײ האָבן דאָס אײביגע לעבן.
„גײ, פרעג זײ, וואָס זײ וועלן דרויף זאָגן"...
דאָ קומט משה צו די ישראל און טוט זײ פרעגן,
אויב זײ וועלן קענען די ליבליבע תורה פאַרטראָגן[1].
דאָ קומט משה פון די ישראל צו הקב"ה ווידער.
דאָ אַנטפאַנגט משה די תורה פון דעם הימל און ברײַנגט
זי צו די ישראל מיט גרויס שמחה.

42. אַזוי ווי מיר זאָגן הײַנט: „משה שמח בשמחת תורה"[2], —
דורך דעם שמחת תורה זאָלן מיר זוכה זײַן
צו קומען דאָס יאָר מיט גרויס שמחה אין אונזער לאַנד
אַרײַן.
במהרה בימינו, אמן סלה!

געדרוקט אין: „אײנע גאַנץ נײַע ש"ס תהנה", ווילנא, תרנ"ה. —
דאָס ליד מוז זײַן גאָר אַלט, ווי ס'איז צו זען פון זײַן שפּראַך, וואָס
דערמאָנט דעם לשון פון טײַטש-חומש.
אַז דאָס איז אַ פ א ל ק ס ל י ד, קאָן מען אויספירען פון פאָלגענדיקע
סימנים:
1) דער אויסערליכער אויסזעהן פון ליד לאָזט אונז אַ סך צו לערנען אין
דער הינזיכט. קענטיג, אַז דאָס איז אַ בעגריפגאַס פון דרײַ, לויט'ן אײנהאַלט
צו זיך נאָהענטע לידער: די ערשטע 22 סטראָפען, קאָן יעדער באַמערקען

[1] איבערחזר'ונג פון ספר. 10. — [2] ז' מחזור לשלש רגלים. —

זענען אַ זעלבסטשטענדיקע גאַנצקייט; די סטראָפֿען פֿון 23 ביז 34 שטאַמען פֿון אַן אַנדער ליד; אין דער 34-טער האָט זיך געמוזט צענויפֿשמעלצן די לעצטע סטראָפֿע פֿון-צווייטן ליד מיט דער ערשטער פֿון אַ דריטן; די איבעריקע סטראָפֿן (פֿון 35 ביז 42) וואַקסן פֿון אַ דריטן ליד. — אַז די דריטיילן האָבן געמוזט אַמאָל פֿירן אַ זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ, איז אויך צו דערקענען אין די איבערהזרנישן, אַף וועלכע כ'האָב שוין אָנגעוויזן אין אָנמערקונגען אונטער'ן טעקסט. — די צווייטע און, איבערהויפּט, די דריטע טייל איז אין פֿיל שטעלן מטושטש; אַ סך ווערטער זענען, קענטיק, געענדערט, גאַנצע פֿראַגמענטן פֿאַרפֿעלט. — די 25-טע סטראָפֿע, למשל, איז מער ניט, קאָן מען זאָגן, ווי אַ צענויפֿבעפּרעסטער, פֿאַרקירצטער וואַריאַנט פֿון די ערשטע 22 סטראָפֿן. באַזונדערס מטושטש איז די 36-טע. אין די איבעריקע סטראָפֿן ביז צום סוף פֿעלט עפּעס, ווי פֿון צוויי-דריי פֿערזן וואָלט כסדר איינער גע-וואָרן. — דאָס זענען אַלץ ערשטיינונגען, וועלכע זענען מעגליך בלויז אין אַ ווערק, וואָס האָט בײַ'ן פֿערשרײַבן ווערן לאַנג געלעבט אין זכרון פֿון דער פֿאָלקסמאַסע. —

2) פֿראַגמענטן פֿון דעם ליד וואַנדערן-אַרום אין גאַנצן יידישן תחום, זײַענדיק זייער פּאָפּולער. — זעה אויבן נומער 31, וועלכער איז ניט מער ווי אַ קוים-געריימטער וואַריאַנט פֿון 1—6 [1]). — די נומערן 5, 6 בײַ ג.-מ. זענען, קענטיק, וואַריאַנטן פֿון 35—40. — דער פֿערז: „דאָך וויל איך בעסער זיצן ווי איין איינציגע טאָכטער בײַ איר פֿאָטער" (אויבן, 37 און ווײַטער) דערמאָנט: „לאָמיר זיצן בײַ דיר אויפֿ'ן שויס ווי אַ טאָכטער בײַ איר פֿאָטער" (ג.-מ. № 6).

3) דער פלאָנטער אין דער נומעראַציע פֿון די עשרת-הדברות (24—33) איז נאַאיוו-פֿאָלקיש.

4) ענדליך: אַזאַ אויסדריק, ווי: „תורה די טאָכטער דו מײַן" (36), „די טאָכטער, תורה, דו מײַן" (37) — איז טיף-פֿאָלקיש. —

די אָרטאָגראַפֿיע — ווי אין געדרוקטן נוסח.

כ'געפֿין פֿאַר נייטיק אָפּמערקזאַם צו מאַכן אַף אירע אייגנטימלי-כקייטן:

1) פרעפֿיקס גי אַנשטאָט גע (גי ניסן, גי גאַנגען, גי געבן, גי וואָרן, גי באָט). — זעה אויבן, דערקלערונג צו נומער 32. — דיזעלביקע ערשיי-נונג איבעראַל אין טײַטש-חומש („חמשה חמשי תורה, עם תרגום אונקלוס, פירש"י, בעל-הטורים ושפתי חכמים, וגם עברי-דײַטש", וואַרשא, תרל"ד בדפוס ר' יצחק גאָלדמאַן. — אויך: „חמשה חומשי תורה, הוגה בעיון רב על פי דרכי המסורה בחסירות ויתרות וע"י כללי הדקדוק דגוש ורפי, עם תרגום אונקלוס ופירוש רש"י ז"ל, וגם בעל-הטורים, שפתי חכמים, תולדות אהרן, ועם באור לשון אשכנזי, כתב-עברי, למען דעת ביאורו גם ההמוניים

[1]) די ציפֿערן, ווי אויך די ווײַטערדיקע, באַצייכענען די נומערן פֿון די געהעריקע סטראָפֿן.



מעדתנו, להורותם מה שיאמרו, להבינם מה שידברו, לשום שכל בפתרון המלות והשורש, במקרא מפורש", — שנת תר"כ, שטעטין, בדפוס ע. שרענטצעל); אין אַלע פֿמעט טײַטשערישע סידורים, מחזורים (למשל: „מחזור לשלש רגלים כמנהג רייסין וליטא, פולין פיהם ומעהרין, עם פירוש לשון הקודש ועם פירוש לשון אשכנזי המועתק ללשון מדברת הנהוג בינינו... חלק שני... בזיטאמיה, תרכ"ו), און תחנות. — גי איז נאָהענטער צו דער לעבעדיקער אויסשפּראַך און ריכטיגער, ווי דאָס אין איצטיגן אויס-ענגליך אָנגענומענע גע. —

2) די ה אויסגעשלאָסן אין אַזעלכע ווערטער, אין וועלכע זי ווערט איצט יאָ געשריבן: יאָר (2, 23, 42), פֿרי (8, 15), ערליך (27, 35), איר (4, 5, 6, 27, 28, 35, 37, 38, 39), אירע (1, 9), אים (37, 38, 40), ציען (18). — אָהן דער לגמרי איבעריגער ה באַגייען זיך אויך די אויבענדערמאָנטע טײַטש-חומשים, סידורים, מחזורים און תחנות, — און בכלל אַ סך ביכער און בילדער, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿאַר דער מאַסע. — ס'איז אַ פֿעלער געווען אײַנצופֿירן די ה אין דער הײַנטיקער יידישער אָרטאָגראַפֿיע, דען דאָס מאַכט אומנוצליך שווערער דאָס אויסלערנען פֿאַר קינדער און מענשען פֿון פֿאָלק. —

3) ו דאָרט, וואו הײַנט ווערט געברויכט אָ: יו (13, 37, 38, 39), אַזוי (6, 11, 14), זוין (7), וואָולט [2]) (7, 13). — אין אויבענדערמאָנטן זשיטאָמירער מחזור האָב איך באַגעגענט אורט (אָרט). — יו — אין שטעטינער טײַטש-חומש (ויקרא, דף כ"ד). — יו, אורט און אודער — אין וואַרשעווער טײַטש-חומש (למשל, שמות, 147). — אויך אַ וויכטיגע פֿראַגע, אַף וועלכע דער רעפֿאָרמאַטאָר פֿון אונזער אָרטאָגראַפֿיע וועט מוזן לייגן אַ סך אַכט. — די יידישע אָרטאָגראַפֿיע האָט זיך ענטוויקעלט פֿון זיך אַליין: מ'האָט גענומען אַן אייראָפּעאישע שפּראַך און מ'האָט זי מיט געוואַלט אַרײַנגעשטופּט אין העב-רעאישן אַלף-בית, וועלכער פֿאַרמאָגט צו ווייניג אותיות אַף צו קענען אויס-צודרוקן אַלע דײַטשישע קלאַנגען. דערפֿון איז אַרויסגעקומען אַ פּלאָנטער. סוף כל סוף האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ שטיקעל סדר [3]), אין וועלכן ס'איז זאָגאַר צו דערקענען סימנים פֿון פֿילאָלאָגישער באַוואוסטזיניגקייט. אָבער עט-ליכע גרונד-טעותים זענען פֿאַרבליבן. — צו די לעצטע געהערט אויך דאָס צענויפֿמישן פֿון צוויי פֿערשידענע קלאַנגען — אַף לאַטײַניש o און u — אין איין אות אָ. — מ'שרײַבט: אָדער (oder) און אָדער (uder), האָבען [4]) (hoben) און האָבען [5]) (huben), גראָבען [6]) (groben) און גראָבען [7]) (gruben) און ד. ג. — איין אויסוועג, דאַכט זיך, איז איבערצולאָזן אָ בלויז פֿאַר u,

[1]) הײַנט שרײַבט מען: אַזוי; ווי. — אזוי, זו — ניט-איבער דעם האַרטן דײַטשישן קלאַנג: so (הײַנט וואָלט מען עס אויסגעלעגט: אַזאָ, זאָ). — [2]) וואויל. — (וואול ניטאיבער דאָס דײַטשישע wohl — וואָהל). — [3]) זער וויכ-טיג וואָלט געווען, ס'זאָל אַמאָל אָנגעשריבן ווערן די געשיכטע פֿון יידישן אויסלייגעכץ. — [4]) פֿרעזענס. — [5]) אינפֿיניטיוו. — [6]) פֿון גראָב. — [7]) ציײַטוואָרט. —

און פֿאַר o איינפֿירען 1 ¹), — אַלזאָ: אודער און אָדער, הובען און האָבען גרובען און גראָבען ...

4) ענדליך, אַ מערקווירדיקע ערשיינונג, וועלכע באַוויזט, ווי ס'האָט שוין אויבען באַמערקט, אַז אונזערע אַלטע רעדאַקטאָרס און קאָררעקטאָרס זיינען געוועזען געוויסערמאַסען באַוואוסטזיניג אין זייער אויסלעגענעכץ; זיי האָבען זיך אָפּגעגעבען חשבון, פֿאַר וואָס שרייבען אַזוי און ניט אַנדערש. אַלזאָ: דאָרט, וואו מיר שטעלען היינט אַ ע, האָבען זיי אונטערשיידט צווייערליי קלאַנגען: אָדער „קלאַנגלויטען", ווי ד"ר X אין „רעדען און וויסענשאַפֿט" רופֿט עס אָן: איין קלאַנג, וועלכען מ'הערט דײַטליך אַרויס, און וועלכען זיי האָבען אָפּגעצייכענט מיט'ן אות ע, — און אַ צווייטען, וועלכער ווערט זער קורץ, אָפּגעהאַקט, פֿאַרדומפּען אַרויסגערעדט, און וועלכען זיי פֿלעגען איבערגעבען מיט אַ י אָדער בלויז מיט אַ „חירוק" אונטער'ן קאָנסאָנאַנט ³). — רעטראָווקאַן-קוים-הערעוודיקען קלאַנג, וועלכען ד"ר X רופֿט-אָן שטומער e, וועהען מיר דערהויפּט אין דער ענדונג ען — נאָך די פֿאָלגענדיקע קאָנסאָנאַנטען:

ב (האָבען 18, 21, 22, 34, 35, 41; געבען 1, 23, 35, 36, 41; שטאַרבען, הייבען 22; שוועבען 35; טרייבען, בלייבען 29; לויבען 1; גלויבען, אויבען 37), ג (זאָגען 1, 5, 7, 11, 21, 22, 35, 38, 41, 42; טראָגען 7, 10, 28, 35, 36, 41; וועגען 22, 24, 30; שווייגען, באַצייגען 31; שלאָגען 23; אויסגיצויגען 24; פֿרעגען 3, 10, 11, 41; הייליגען 18; שלמעכטיגען 19, 20), ד (פֿאַרהאַנדען 14; באַשיידען 2, 31; אָפּשיידען 34; מאָרדען 28; ערדען 35; ריידען 31, 34), ז (מוזען 29; בעזען 34; לאָזען 38, 40), ט (האַלטען 10, 23–27, 35; אָנריכטען, אַכטען 34; גילויסטען 32, 33; מעסטען 30; דאָרטען 19; פֿערטען, גישפּאַלטען 24; נאַטען 37–39; באַצייכען, חיטען 16; פֿאַרבטען 1, 7, 19; אויסדערווײַלטען 18), כ (הויכען 1, מאַכען 23, 24; דערטמגלייכען 29), ל (דערציילען 15; גיפֿעלען 13; באַפֿעלען 12; וועלן 1, 10, 11, 15, 22, 33–35, 41; זאָלן 42; פֿאַרהוילן 30; ניזעלן 31, 33; ווילן 34), ם (ווינכן 4, 23; גינומען, גישלאָסן 23; גיהייסן 37, 39; זיסן 41; הייסן 27), פ (לויפֿן 11; שלאָפֿן 30; גראָפֿן 34, 35; באַשאַפֿן 23, 26), צ (בליצן 21; זיצן 37–39), ק (בוקן 24; דערשראָקן 22), ר (שווערן 25; קערן, פֿאַרוועַרן 27; פֿאַרפֿירן 29; הערן 6, 25, 34, 35; ערדן, אָנגיהערן 35; ווערן, וואָרן, גיוואָרן 1, 17, 19–23, 34, 35, 40; גיבאָרן 23; דונערן 21). — אויך אין דער ענדונג על קומט אַ שטומער e (ענגל 4; הימל 3, 20, 26–28, 40, 42). — אין דערוועלביקער ענדונג ען קומט אַ דײַטליכער ע נאָך פֿאָלגענדיקע קאָנסאָנאַנטען: ם (קומען 19, 22–23, 35, 37–40, 42; נעמען, נאָמען 19, 25, 37–40; זאַמען 9; פֿרומען 40), נ (דינען 24; דרינען 7; זינען 5, 10; קענען 36, 41), פ (?) (רופֿען, 8, 40) אויך נאָך

¹) ! — פ; יי — oj. — ³) איבערדרוקענדיק דאָס ליד, האָב איך דן; און „חירוקס" איבעראַל אַרויסגעלאָזט.



פֿאָלגענדיקע טאָפּעלטע קאָנסאָנאַנטען: נג (אַנטפֿאַנגען, אָנפֿאַנגען 1, 19, 21; ברענגען 40; גיגאַנגען, דערגאַנגען 2, 8; זינגען 1); נק (גידיינקען 26), רג (פֿאַרבאָרגען 2), רנ (לערנען 40). — אַ דײַטליכער e קומט אויך, ווען דער טראָפּ פֿאַלט אַף דיזעלביקע זילבע (גיוועזן 6, 10). — פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז אוממעגליך ברייטער צו באַהאַנדלען די זאַך, כ'האָב בלויז געוואָלט באַ אַ געלעגענהייט אָנווייזען, אַז אין דער היסטאָרישע און וויסענשאַפֿטליך בעגרינדעטער יידישער אָרטאָגראַפֿיע וועט מוזען פֿאַרענטפֿערט ווערען די פֿראַגע וועגען איינפֿירען אַ באַזונדער סימן פֿאַר'ן שטומען ע. — דורכלאָזען דעם אות איינגאַנצען, ווי איך טו דאָ על פּי נויט, איז אוממעגליך, ווייל דער קלאַנג ווערט, הגם שוואַך, אָבער דאָך געהערט. —

---

## № 70.¹)

I.

ישמח משה במתנת חלקו!
ישמח משה במתנת חלקו!
און וואָס איז ער געוועזן?
כי עבד נאמן קראת לו!

II.

ישמח משה במתנת חלקו!
ישמח משה במתנת חלקו!
און וואָס איז ער געגאַנגען
אָנגעטיען?
כליל תפארת בראשו!

III.

ישמח משה במתנת חלקו!
ישמח משה במתנת חלקו!
וואו איז ער געשטאַנען?
על הר סיני!

IV.

ישמח משה במתנת חלקו!
ישמח משה במתנת חלקו!
און וואָס האָט ער געהאַלטן
אין דער האַנט?
שני לוחות אבנים טובים!

V.

ישמח משה במתנת חלקו!
ישמח משה במתנת חלקו!
וואָס איז דאָרט געשטאַנען
געשריבן?
שמירת שבת וכן כתיב
בתורתך!

באָבאַטשעוו. י. זאַלטמאַן.

---

¹) אויך אַ שמחת-תורה ליד — די פּסוקים פֿון שבת'דיקען [illegible] — צו געפֿינען אין יעדען סידור. —

## № 71.

# שושנת יעקב.

שושנת יעקב צהלה ושמחה,
בראותם יחד תכלת מרדכי.
תשועתם היית לנצח,
ותקותם בכל דור ודור [1].

### I.

די שיינע רויזן — זיי בליען גאַר ווינדער, —
דאָס מיינט מען דאָך יעקב׳ס קינדער:
זיי זענען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען, צו זעהן
די נסים, וואָס אונז איז געשעהן;
זיי זענען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען,
צו זעהן די מפּלה, וואָס המן האָט אַנגענומען.

### II.

המן האָט זיך אַנגערעט פאַר איין קליינן יינג,
ער פלעגט אימער צו דרייען מיט זאַן פאַלשן צינג,
עס איז אָבער געקומען אָף אים אַ פינצטערע שטראָף:
מען האָט אָפּגעהאָנגען זאַן זיהן ווייזתא מיט׳ן לאַנגען וואָח.

### III.

עס איז מיר זער חירקליך איין גרויס ווינדער,
ווי אַזוי המן האָט זיך ניט געשעמט צו העננגען מיט זאנע קינדער,
ער אָט זיך /געשריבן: „יאַשנע פּאַן״, —
אין זאַן זיהן דלפון איז געוועזן איין גרויסער אָרימאַן.

### IV.

המן־אָט אונז פערמאַכט דאָס לעבן,
צען טויזנט צענטנער זילבער אָט ער פאַר אונז געוואָלט געבן, —

[1]) פון דער תפלה, וואָס ווערט געזאָגט פורים אינדערפרי. —



עס איז אָבער אַנדערש געוואָרן:
מען אָט אים אָפּגעהאָנגען אָף דעם בלויען דאָרן.

### V.

דערנאָך אָט זיך דער מלך אַנדערש באַקלערט,
די גזירות צו געבן אָט ער פאַרקערט, —
מרדכי איז געוואָרן שני־למלך,
אין די שטאָט שושן איז געוואָרן פריילך.

### VI.

מרדכי אָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם זאַק מיט ערד,
אין ער אָט זיך געזעצט ראַטן אָף דעם קייזערס פערד,
אין המן אַליין אָט עס פאַר דעם צאַמיל געפירט,
אין די טאָכטער אָט עם פון גאַנעק מיט דעם טאָפּ געטראַקטירט.

### VII.

פאַרפלוכט זאָל ווערן דער גנב׳ישער המן! [1]
אויסגעריסן זאָל ווערן זאַן טרייפענער נאָמען!
פאַר זאַנע פאַלשע מסירות, וואָס ער אָט געטאָן פירן, —
אָט ער געוואָלט אונז אַלע פון דער וועלט פאַרלירן.

### VIII.

געבענשט זאָל זאַן מרדכי דער ייד! [2]
אין ליכטיגן גן־עדן זאָל ער ריען גאַנץ באַרוט!
אין מען ווערט אים שטענדיק געדענקען צו געטן זאַן נאָמען,
וואָס ער קומט אַרויס פון שאול המלך, אין פון שבט בנימין.

### IX.

פאַרפלוכט זאָל זוערן זרש המנ׳ס ווּאַב! [3]
אַרויס זאָל איר זאַן אין איר טרייפענעם לאַב!

[1]) „ארור המן, אשר בקש לאבדי". — [2]) „ברוך מרדכי היהודי". —
[3]) „ארורה זרש אשת מפחידי". —

פאר אירע פאלשע עצות, וואס זי אט אים ניטאן געבן –
אט זי דעם מאן מיט די קינדער צינעניטען דאס לעבן.

X.

ניבענשט זאל זאן די ליבע אסתר:[1]
זי אט אינז גירינט, ווי איין אײַגענע שוועסטער: –
זי איז אימגירופן צים מלך גיקימען,
אין זי אט אינז פין זיערע הענט ארויסגינימען.

XI.

אין נעמען־אראן חרבונה'ן אין מיטן[2], –
לאז מען אים גידענקען אויך צי ניטן:
ער איז גיוועזן צווישן סענאט,
ער אט דאך גיגעבן אף אינז א גיטן ראט.

---

דאס ליד ווערט געזונגען אויך אף פויליש:

I.

Ta piękna róża to się myśli jakubowe dzieci —
Jak to ich zapach zdaleko leci.
Jak oni razem byli,
Jak tego Hamana złodzieja na szubjenicy powiesili.

II.

Haman się trzymał za mądraka,
Kręcił językiem jak sobaka, —
Wszyscy żydy się cieszyli,
Jak jego syna Wajzusa na szubjenicy powiesili.

III.

Jak ten Haman wstydu nie miał:
Razem dziećmi wiesić musiał.

---

[1]) „ברוכה אסתר בעדי". – [2]) „וגם חרבונה זכור לטוב". –



On się pisał jaśnym panem,
A jego syn Dalfon był gałganem.

IV.

Co ten Haman zrobić chciał,
Dziesięc tysięcy centnerów srebro do królestwo za nam dawał;

Ale Pan Bóg wszystko odmienił, —
J sam dla siebie szubjenicy postawił.

V.

Od Pana Bogo za mało chwila,
Wszystki proszeństwo się odmieniło,
A Mordko za księdzem się został,
J na jego miejsce to on panował.

VI.

Mordko rzucił od siebie worek z piaskem,
J usiadł na konie królewskiem;
A Haman za lokajem obrany był
J tego konia sam prowadził;
A córka jego na ganku stojała
J z tem nie czystym kublikiem swego ojca oblała.

VII.

Przeklęty jesteś, Hamanie,
Za twoje fałszywe zadanie;
U ciebie był charakter taki gruby,
Ześ ty żądał naszy zguby.

VIII.

Błogosławiony jesteś, Mordko kochany,
Co w królewskiem odzienie byłeś ubrany:
On był rodzony
Z pokolenia Beniamina, starizakonny.

IX.

Przeklęta jesteś, Hamana żona,
Co źeś ty trzymał za jego strona,
Za twoje te rady, co ty radziłaś,
Źeś ty twego męża z dziećmi razem straciłaś.

X.

Blogosławiana jesteś, Esterka kochana,
Co za królewna byłeś ubrana, —
Ty bez wołania do króla wstąpiłaś
J z ich rąk zbawiłaś.

XI.

Tobie, Charwojnu, trzeba dać podziękowanie,
Bo ty źeś miał o nam pamiętanie:
Ty w Senacie siedziałeś
I na nas dobrze radziłeś.

ועלענעץ (שעדלעצער גוב.). ס. קאהאן.

---

## № 72.

### װאַריאַנט.

שושנת יעקב צהלה ושמחה
בראותם יחד תכלת מרדכי.
תשועתם היית לנצח
ותקותם בכל דור ודור.

I. שײנע רויזן שמעקן װינדער,
דאָס מײנט מען יעקב׳ס קינדער:
זײ זענען געשטאַנען, — זײ האָבן געזעהן,
װי אינץ איז נסים געשעהן.

II. פיענקני רוזשאַ — יאַקובאַ דזשעצי:
יך זאַפּאַך דאַלעקאָ לעצי, —



זשיסטקי סטאַלי — י פּאַטשעלי,
יאַק האַמאַנאָ פּאָוויאַשילי.[1]

III. המן האָט זיך פאָריפען פאַר אַ װאױלן יינג,
און ער האָט געדרײט מיט די פאַלשע צינג.
פון דעם אַלעם איז גאָר נישט געװאָרן:
מ׳האָט אים אָפּגעהאָנגען אָף אַ הויכן דאָרן.

IV. האַמאַן שע חוואַליל זאַ מאָנדראַקאַ,
קרענציל יענזיקעם יאַק סאָבאַקאַ.
אַ טאָ װשיסטקאָ פאַן בוג פּשעװיניאַל:
סאַם דלאַ שעביע שעמעניצע[2] פּאָסטאַװיל.

V. מרדכי האָט אַראָפּגעװאָרפן דעם זאַק מיט ערד,
און ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אָף דעם קיניגליכן פערד.
המן האָט אים בײַ די צױם אַרומגעפירט, —
זאָן װײַב זרש האָט אים מיט אַ שאָף טראַקטירט.

VI. מאָרדקאַ זרוציל װאָרעק ס׳פּיאַסקעם,
י װשאַד נאַ קאָניאַ קרולעװסקעם.
האַמאַן זאַ לאָקאַיאַ אָבראַני ביל,
סאַם קאָניאַ פּראָװאַדזיל.
זשאָנאַ יעגאָ נאַ גאַנקו סטאַלאַ,
שאַפּעל ניעציסטאָשצי נאָ סטראַקטאָװאַלאַ.
ז זמאַרטװעניעם שע זשוציל[3] —
פּשאַקרעװו — נאַ שמערץ שע זאַביל.[4]

VII. געבענשט זאָל זאַן אינזער פרימע אסתר:
זי האָט געדינט װי אַ געטרײַע שװעסטער:
אימגעבעטן איז זי צים מלך געגאַנגען,
פון המנ׳ס הענט אינץ אַראָסגענימען.

---

[1]) פּױליש; — [2]) szubienicę (אַ תליה). — [3]) „פון עגמת נפש האָט זי זיך אַראָפּגעװאָרפען". — [4]) „הינטיש בלוט — אָפּ׳טױט זיך דער׳הרג׳עט". —

VIII. פאָחוואַלאָנאַ נאַם עסטערקאַ;
אָנאַ בילאַ שצעשליוואַ פּאַננאַ:
בעז פּאָזוועלנעם פּשעד קרולעם סטאַלאַ
ז האַבאַנאַ רענצי נאַש וויראַטאָוואַלאַ.

סאַלאַטשער. שלמה דאַווידאָוויטש.

## № 73. [1]

צווייטער וואַריאַנט.

I. אין די אָבות צייטען איז דאָך געוועזען שעות יגון ואנחה.
דער בורא איז אונז געוועזען אַ ישועה לרוחה;
מיר לויבען דעם בורא מיט דער גאַנצען משפחה,
זינגען מיר: „שושנת יעקב צהלה ושמחה”.[2]

II. המן הרשע איז אויף אונז אויפגעשטאַנען נאָר אָן [3]) בישה און
אָן [?] שיי [4]). —
דער בורא איז אונז געוועזען זייער געטריי;
מיר לויבען דעם בורא נאָר אויף דאָס ניי,
זינגען מיר: „בראותם יחד תכלת מרדכי”.

III. המן־הרשע איז אויף אונז אויפגעשטאַנען מיט'ן גאַנצען עזות
מצח,
דער בורא איז אונז געוועזען אַ ישועה לנצח;
מיר לויבען דעם בורא בפצח,
זינגען מיר: „תשועתם היית לנצח”.

IV. המן־הרשע האָט אויף אונז געגראָבען אַ טיפען בור,
ער האָט אונז געוואָלט אויפעסען כלחוך השור;

[1]) „מיטטיילונגען” XIII
ווי דער פאַרשרייבער טיילט מיט, ווערט דאָס ליד אָפט געזונגען צום שלום פון דער „פורים־שפיל”.

[2]) וועגען דער קוועלע פון די פּסוקים, וואָס פאַרשליסען די סטראָפען I—V, זעה אַנמערקונג צו № 71.

[3]) אָהן. — [4]) דרך־ארץ, מורא (היימיש: scheu). —



מיר לויבען דעם בורא בכל דור,
זינגען מיר „ותקותם בכל דור והור”.

V. המן־הרשע האָט אויף אונז געגראָבען אַ טיפען לאָך,
דער בורא איז אונז געוויזען אַ ישיעה דערנאָך;
מיר לויבען דעם בורא שבת און וואָך,
זינגען מיר: „להודיע שכל קויך לא יבושו ולא יכלמו לנצח
כל החוסים בך”.

VI. פערפלוכט זאָלל ווערען המן־הרשע, דער רשע דער גרעסטער,
געבענטשט זאָלל ווערען מרדכי דער צדיק דער בעסטער,
פערפלוכט זאָלל ווערען זרש מיט איר שוועסטער,
געבענטשט זאָלל ווערען אונזער מיטטער, וואָס זי הייסט אסתר.[1])

יעליסאַוועטגראַד. ד"ר ס. ווייסענבערג.

## № 74.

דריטער וואַריאַנט.

שושנת יעקב צהלה ושמחה,
בראותם יחד תכלת מרדכי.
אוי די חסידים מיט די לאַנגע בערד,
וואָס זיי גייען מיט די קעפּ צו דר'ערד:
זיי האָבן פאַרזוכט פון עץ־הדעת
און האָבן פאַרביסן אַ המן־טאַש.[2])
— — — — — — — —

לעשנאַ. צוטרונגבוים.

[1]) זעה אַנמערקונגען צו № 71 (איבערזעצונג פון דער דאָרט דערמאָנטער תפלה).

[2]) דער סוף פעלט.

## № 75.[1]

### I.

א) אסתר: לכה דודי,
דודי מרדכי!
מכּוש ועד הודו[2]
הער איך דײַן געשרײַ.[3]

ב) מרדכי: עי, וואָרום זאָלל איך ניט שרײַען?
עס געהט מיט אונז גאַנץ שמאָל.
המן טוט אונז דרײַען[4],
עס געהט איבּבער כל ישראל.

ג) אסתר: איך ווײַס נאָך מעען,[5]
ער איז בעוונות נושא חן,
מיט דעם מלך זײַן פינגערלײַן
טוט ער שוין געהן.[6]

ד) מרדכי: געוואַלט! געוואַלט! געוואַלט!
אסתר לעבּען! געה נאָר באַלד
און קאָמם תיכּף ווידער הער,
הער, וואָס איִם חצר איז דאָמעהר![7]

ה) אסתר: פאַטערלעבּען קרוין,
וואָס קריג איך פאַר איין לוין,
דאַסס איך זאָלל קאָממען ווידער זאָגעי,
קײן יידיש קינד זאָלל עס אין הערצען טראָגען?

ו) מרדכי: טו דו נאָר זוי,
בלײַב דו ניט דוי[8],
המן-הרשע כּפרה ימח שמו.

ז) אסתר: יאָ, קאַן יידיש קינד זאָלל עס צוקוממען
וואָס איך אין די געשווינדיגקײַט מיר האָב פאַרגענוממען.

---

[1] „מיטטהײלונגען" X. — [2] „מגלת-אסתר", א', א'. — [3] דאָרט ד', א' — [4] דראָהען. — [5] מײנן. — [6] „מגלת-אסתר", ג', י'. — [7] דאָרט ד', ח'. — [8] דאָ.



ח) מרדכי: אסתר לעבּען, מײַן טאָכטער,
זײַ דיר ניקסי[1]) מצער:
עס געהט מיר אָן איין געלעכטער
איבּבער אחשורוש נאַרר.
וויע קענן מאַן דאָ לעבּען בײַ[2]) בלײַבּען!
אין אַלע קאַנצעלײַען טוט מאַן שרײַבּען,
די יידען אויסצו'הרג'ען אונד צו פערטרײַבּען.

ט) אסתר: חסד חנם זאָלל מיר גאָט טון!
פאַטערלעבען, וואָס טוסט דו דיר
אײַנען גראָבּען זעקלײַן אָן?[3]

י) מרדכי: וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַג?[4]
וואָ קענן מאַן דאָ רוהען אונד ראַסטען[5],
זאָג ליבּבער, צוויי דרײַ טאָג
זאָללען די יידען פאַסטען.[6]
אַלע צו זײַן
יורד דמעות, —
מבטל צו זײַן
די גזרות רעות.
דורך תשובה, תפלה אונד צדקה
פאָן עברות מאַכט אײַך נקי,
דענן מיר האַבּען זאָנסט קײן בּרירה
מבטל צו זײַן די גזרה,
איבּער אונזערע גרויסע חטאים,
אונד אונזערע מעשים רעים.
דער דריטע טאָג איז אַוועק,
נעמט נו אַב די זעק,
מחו תמחה זכר עמלק.[7]

יא) אסתר: אַל, דו נערעכטער נאָטט!
שיקק מיר אײַנע נחמה,

---

[1] גאָרנישט (זעה אָנמערקונג אָפ'ן 55-טען זײַטעל). — [2] לעבּען בּלײַבּען. — [3] „מגלת אסתר", ד', א'; ד', ד'. — [4] פרעג. — [5] ראַסטען — רוּסטען — ז' אָנמערקונג צו נום. 41. — [6] אין דער מגלה זאָגט דאָס אסתר (ד', ט"ז). — [7] דברים, כ"ה, י"ט. —

דאַס ווי́ר ני́ט ווערדען צו שאַנד אונד צו שפּאָטט,
דעם שונא קאַן נקמה.

יב) מרדכי: אסתּרלעבען, מײַן קינד,
דו טוסט דאָך אַלעס בשלמות,
ווען איבּבער מײַנע זינד,
דו ווערסט די́ר גאר זײַן ממית.

יג) אסתר: איך ווײַסס נאָך מעען,
איך טו מי́ר אַן גאַנץ שעען[1],
אונד ווער מי́ט מײַן גרין פּנימלע
צו דעם מלך געהן.

יד) מרדכי: אסתּרלעבען, טו דײַן פּעולה,
איך האָף, דו ברענגסט די́ גאולה.
מי́ר יידען זענען בקי
אין תּשובה, תּפלה אונד צדקה.[2]
גרויססער גאָטט, טו אונז ערקוויקקען,
טו אונז די́ דרײַ מלאכים שיקקען,[3]
דאַסס ווי́ר זאָללען האָבען די́ זכיה,
דאַסס אונזרע אָבות זיך פי́ר אונז בעמיהע[4]
ויתלו את המן ובניו על העץ.[5]

טו) אסתר: ליהודים היתה אורה,
ושמחה וששון,[6]
פאַטערלעבען האָב קאַן מורא:
אחשורוש איז מאַן חתן.

טז) מרדכי: וואַש די́ אָב די́ וואַנגען,[7]
רעד מי́ט איהם גאַנץ גוט
זאָ ווערד ער די́ר הינלאַנגען
די́ע גאָלדענע רוט.[8]

---

[1] שען. — [2] פּאָפּולערער מאָטיוו אין די́ אַלטע יידישע לידער (ז' אויבען נ' 45, 46). — [3] וועגען די́ דרײַ מלאכים זעה איך. אויבען נ' 16 (IV) און נ' 44 (VII, VIII). — [4] פאַרגלײַך אויבען די́ נומערן: 9 (IV), 10 (III), 12 (III), 13 (III), 15 (III). — [5] „מג. אסתר". ז' י'. — [6] דאָרט, ח', ט"ז. — [7] ליפּען. — [8] ה"א, ד', י"א. —



יז) אסתר: עס זאָל באַלד געשעהען,
די́ דרײַ מלאכים זאָללען בײַ מי́ר שטעהען,
ער האַט מי́ר שאָן לאַנגע צײַט
פאַר זײַן אויגען ני́ט געזעהען[1].

יח) מרדכי: מיכאל, גבריאל, רפאל[2],
העלפט אונז אויס דער נויט די́עס מאָל!
אונד טוט בײַ מײַן אסתר שטעהן,
לאָססט איהר זײַן נושא חן,

יט) אסתר: פאַטערלעבען, דו בלײַבסט אײַן חכם,
קאָממאַנדירסט מי́ט די́ דרײַ מלאכים.
גרויססער גאָטט, טו אונז ערקוויקען,
טו אונז די́ דרײַ מלאכים שיקען,
דאַסס מי́ר זאָללען האָבען די́ זכיה
דאַס אונזרע אָבות זיך פי́ר אונז בעמיהע.
ויתלו את המן ובניו על העץ".[3]

II.

מײַן קינד, דאַסס איז קאַן קלײַנעס,
אַללע יאָהר איז אסתר תּענית.
נעמט אײַך גאָטט אין הערצען,
ווערד ער דען רשע שטערצען.
ער האַט געטאַן דאַס גאַנצע מעשה,
ומרדכי ידע את כל אשר נעשה[4],
צום, קול, ממון,
אויסגעמעקט זײַן נאָמען
אם זרש ובני המן.

III.

פורים, פורים פורים,
דורך אונז נעבאָרען.

---

[1] „מג. אסתר", ד', י"א. — [2] זעה אויבען, י"ד, 6. — [3] קענטיג אַ פלאַני־שער: די́ לעצטע 2 פערזען פון ט"ו און גאַנץ ט"ז—י"ט — צו שפּעט; — די́ לעצטע 6 פערזען י"ט זענען שוין געווען אין י"ד. — [4] „מג. א." ד', א'. —

המן מיט זיינע בחורים
דורך אונז פערלארען.
ופין כה וכה, [1])
ער ווער איין גרויססער שררה,
נו איז ער, ימח שמו,
דורך אונז כפרה.
וואס ווער דאס אך פאר אן כפירה
אנצוגעבען זא אן מסירה.
נו העננט ער אן דען גאלגען [2])
אונד האט קאן דירה.

IV.

המן, מיט האף אונד הויז,
וויע שען האבען וויר דיך נעראטט אוים.
וויע חשוב ביסט דו געוועזען געסטערן,
והנה נתתי את המן לאסתר, [3])
וכל אשר לו חצה
ומרדכי יצא. [4])
אין זיין דירה מעג מאן וואהנען,
אונד זיין כבוד מעג מאן שאגען.
המן האט געשריען: „ווי, ווי,
גאטט אונד דעם מלך בין איך ניט געוועזען געטריי.
ויתר([?]) את כל אשר לו למרדכי“.

V.

מרבה דברים, מרבה שטות!
אונד דאמיט וואללען וויר שליעססען.
פאטערלעבען, וואס זאגסט דו צו דען נוסס,
וי די טאכטער איהן האט טון בעגיעססען[?][5])
ער ווער דער אב, אונד זי די בת...
דא וועללען מיר שטילל פאן שוויינגען.

[1]) „שמות“, ב׳, י״ב. — [2]) תליה. — [3]) „מג. א.“, ח׳, ז׳. — [4]) דארט ח׳, ט״ו. — [5]) מגלה, 16. —



דיעס מאל וואר ער פוטשנאס,
האבען זי איהן אויפגעהעננט צו טרעגען. [1])
פאלל מיט קמצנות,
איבבער איהם קאן רחמנות,
פורים וועללען מיר איהן אן גאלגען ברענגען שלח-מנותן

VI.

בני רחמנים, זייד אייך ניט מונת
משלות מנות איש לרעהו, [2])
אונד טוט ארמע לייט ערקוויקען,
טוט נאך אייער יכולת שיקען.
שיקקט פורים קרעפליך מיט פערגניגען,
דענן פורים בלייבט ניט ליעגען,
לעבעט לוסטיג אונד אין שלום,
ימי פורים לא נבטלים.
פורים האט קאן סוף,
איך אללע יאהר דרוף האפף, [3])
וגם חרבונה זכור לטוב. [4])

קאטאוויץ (פרייסען). ד״ר י. קאהן. [5])

[1]) טריקענען. — [2]) „מג. א.“, ט׳ י״ט. — [3]) נעלט צעניופוטמלען. — [4]) פון „שושנת יעקב“. — [5]) ער האט עס געהערט אין מיטען 19-טען יאהרהונדערט אין אלטאנא (דייטשלאנד) פון פורים-זינגער שמעון געטטינג, וועלכער האט באם זינגען זיך אליין אקאמפאנירט אף א טרומפעטל (דרייעק).

## № 76.[1])

## ארעדע פון המן=הרשע מיט מרדכי הצדיק.[2])

I. – מרדכי! א, בעהאנדעלסט מיך זייער שען!
דערפאר וועסטו פון דער וועלט גען.
מרדכי! זעהסט מאנע חשובות באם מלך:
איך וועל ביי דאנע יידן מאכען גאנץ פרייליך,
איך מיז מיר מאן הארץ אין אייער בלוט קילן,
איר מיגט[3]) דאס שרייבן אין אלע שולן".

II. – המן! איך וועל זיך צו דיר ניט בייגן,
זאלסט אפילו מיט דעם קאפ אנלעגן!
רשע! וואס טויג מיר דאן חקירה?
זעה, עס לעגט[4]) שוין אף דאן פנים די פגירה!
די עצה פון זרש דאן וואב
וועט זייער ניט צוניץ קומען אף דאן לאב.
כל ישראל וועלן דורך דיר מאכן איין פייערטאג,
און אף דיר מיט דאן וואב וועט קומען די קלאג!
יוצרנו וועט אונז מציל זאן פון דאן גזירה,
און אף דיר וועט קומען איין מפלה במהרה".

III. זאט מקיים מצוות „משלוח=מנות"
און פון מאן לעהרער מאכט ניט קיין ליצנות.
ובזכות זה וועט אך השי"ת העלפן,
ברכה והצלחה אף דעם בעסטן אופן.
אין האנט, אז מיר האבן שוין המן הרשע פערווארפן,
דארפן מיר טרינקען א ביסעל בראנפן...
לחיים, לחיים, ברידער! לחיים, לחיים, ברידער!...

פלאוואנטע, י. סקאלעצקי.

[1]) וועגען דעם ליד שרייבט מיר דער אריינשיקער, אז נאך אלס צוועלף-יעריגע יונגעל האט ער עס געפונען צווישען די בלעטער פון זיין זיידענס א משניות. דער זיידע האט אים דערצעלט, אז ר'האט עס פאר עטליכע יאר געהערט ביים רבי'ן אין מעזשביש: פורים, בא דער סעודה, האבען צוויי חסידים זיך געמאכט — איינער פאר המן, און דער צווייטער פאר מרדכי, — און נאך דער „רעדע" ווערטער, האבען אלע חסידים מיטגעטאנצט, זינגענדיק III. —

[2]) קענטיג, פראגמענט פון עפעם אן „אחשורוש-שפיל" — דאסועלביקע קאן מען זאגען וועגען I. פון נ' 75. — [3]) מעגט. — [4]) ליגט. —



## № 77.[1])

### I.

### אחשורוש:

המן, המן[2]) ניי אראן צו ושתי מאן וואב[3]): —
לאז זי אראנקומען מיט איר שיינעם נאקעטן לאב[4]),
אזוי ווי א וואב פאר א מאען[5]), —
שנעלא[6]), נייכא[7]), לאז זי דאס טאען[8]).

### II.

### המן (בא ושתי):

מיט אזוינע באטשאנעס[9]) בין עך נאך צו אינען[10]) קיימאל[11])
גישט אראנגיקומען.

### ושתי:

וואס איז דאס?

### המן:

דער קעניג אחשורוש אט גישפראכן:
די קעניגן זאל אראנקומען מיט איר שיינעם נאקעטען לאב,
אזוי ווי א וואב פאר א מאען, —
שנעלא, נייכא זאל די קעניגן דאס טאען.

### ושתי:

אך, וואס מאכט ער מיט זיך זא א ווערן!
זאל ער זאך דאטאגען זעלבערסט[12]), ווען ער איז בא מאן
עלטא=פאטא[13]) שטאלמייסטער גיוועזן.

[1]) פראגמענטען פון א אחשורש-שפיל. — [2]) אין דער מגלה שיקט אחשורוש ניט המנ'ען, נאר די זיבען סריסים. — [3]) ווייב. — [4]) לייב. [5]) מאן. — [6]) שנעלער. — [7]) גיכער. — [8]) טוּן. — [9]) מערצאל פון פוילישען bocian (שטארך). — ד. ה. מאדנע בשורות, נארישקייטען. — [10]) ריין-דייטשישע פארם (דאטיוו פון sie). — אין פוילען ווערען געברויכט ביידע פארמען פאר'ן מער-צאל פון פירווארט פון דריטער פערזאן: איך און זי. די לעצטע ווערט געבענטשט פאר מער דרך-ארץ'דיק בנוגע צו אנ'עלטערען אדער אזוי חשוב'ען מענש. — אין פוילען זאגט מען: „איר נעמט" און „זי נעמען"; „נעמט" און „נעמען זי". — [11]) קיינמאל. — [12]) אנ'אלטע פארם, – שטאמט פון דייטשישען אומשטאנדסווארט „זעלבער". — זעלבערסט – זעלבסט. — [13]) עלטערפאטער.

אין זאָל ער זאָך דאַמאָנען זעלבערסט, ווי ער איז געווען
אין אַ גרויסער נויט,
אז ער אָט גיגעסן בּאַ מאַן עלטאָ־פּאַטאָ אַ שטיקיען[1] זאַלץ
מיט ברויט,
עפּשאָ[2] איז ער באַזאָפן מיט מעיד אין מיט וואַן[3]? —
זאָל ער גיין שלאָפן קראַנק אין שניי־וואַסן[4] סעק(?)־בעטיען[5]
אראַן[6].

III.

המן (באַם קעניג):

מיט אַזעלכע באָטשאַטעס בין איך נאָך צי אינען קיימאָל
נישט אראַנגיקימען!

אחשורוש:

וואַס איז דאַס?

המן:

די קעניגן ושתי אָט ניטיען ענטפאָ[7] געבן:
וואַס דער קעניג מאַכט מיט זיך אַזאַ'ן ווען?
זאָל זאָך דער קעניג זעלבערסט דאַמאָנען, ווי ער איז באַ
איר עלטאָ־פּאַפּאַ אַ שטאַלמײַסטער גיוועזן;
אין זאָל זאָך דער קעניג זעלבערכט דאַמאָנען, ווי ער איז
גיוועזן אין אַ גרויסע נויט,
ווי ער אָט גיגעסן באַ איר עלטאָ־פּאַטאָ אַ שטיקיען זאַלץ
מיט ברויט.
עפּשאָ זענט איר באַזאָפן מיט מעיד אין מיט וואַן?
האָט זי נישפּראָכן, איר זאָלט גיין שלאָפן אין שניי־וואַסן
סעק(?)־בעטיען אראַן.

אחשורוש:

המן, המן, כ'אָב דאָך דיר אײַמאָל[8] אַנ'אָרדאָ[9] גיגעבן,
די קעניגן ושתי זאָלסטע צינעמען דאָס לעבן!

---

[1]) שטיקעל. — [2]) אפשר. — [3]) וויין. — [4]) ווייסען. — [5]) בעט'ל. —
[6]) דער גאַנצער ענטפער — פראָדוקט פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע. אין דער
מגלה איז אף דעם שטועס קיין רמז נישטאָ. — [7]) ענטפער. — [8]) איינמאָל. —
[9]) פר. ordre; דײַטש order — בעפעל.



נישט צי־שטיין נאָך איר האָב אין גיטם —
אין באַלט צי פאַניסן איר יונגעס בליט![1]

IV.

ושתי:

אַך, ברודאָ[2] שראַבאָ[3], אַך, ברודאָ־שראַבאָ,
טאָמאָ[4] על עך מיר קענען אַ דריי טריטעלעך נאַכטרעטן?
טאָמאָ על עך מיר קענען באַם גיבוירענעם[5] קעניג מאַן
יונג לעבן אַסווײַנען אין אָסבעטן?
מיט אַ קלײַנעם טרעט טי איך טרעטן,
מיט אַ גרוים ביטאָ[6] געשריי אין געבעט טי איך פאַרן קעניג
בעטן:
איך בין גיוואוינן אין גימאָסטן אין אײַדל גישטעקט,
אין האַנט מוס איך פין דעם אַלעם שטאַרבן גיין.
דאַריבאָ[7] זאָלט עטיך[8] ענק[9] נעמען אַ ראיה יעדעס וואַבעלע
באַזינדראָ[10]:
עטיך זאָלט מיען ענקערע[11] מאַנען האַלטן בדרך הישר...
המן, המן, גייך זאָסטע[12] מיט מיר מאַכן,
אַז די יודען זאָלן נישט פין מיר שפעטן אין לאַכן;
אין גייך זאָסטע מיך צודעקען
אַז קיין חזיר אין קיין וואָרעם אין קיין שווײַן
זאָלן נישט מיען מאַן בליט שמעקן אין לעקן...
אין ווײַסט עטיך, וועיאָ[13] ס'אָט דאָס אָסגיטראַכט?
אינד אַלע פערשטען אַ גיטע נאַכט![14]

---

[1]) אויך אַ פאָלקספאַנטאַזיע. — [2]) ברודער. — [3]) שרײַבער. —
[4]) טאָמער. — [5]) אַנמערקונג פון פרוי שעפּס: „אַ טרייל! פריער (II) האָט
זי אים גיזידעלט, אַז ער איז באַ איר עלטאָ־פּאַטאָ אַ שטאַלמײַסטער גיווען,
אין איצט, ווען זי דאַרף אָנקומען צו אים, זאָגט זי שוין, אַז ר'איז אַ גיבוי־
רענער קעניג"... — [6]) ביטער. — [7]) דעריבער. — [8]) איר (וואַרשא). —
[9]) אײַך (וואַרשא). — [10]) באַזונדער. — [11]) אײַערע (וואַרשא). — [12]) זאָלסטו. —
[13]) ווער. — [14]) די צוויי פערזען זאָגט שוין ניט ושתי, נאָר די פּורים־
שפּילערס.

## V.

אחשוורוש (נאָך ושתי'ס טויט):

אין טראָערין[1]) קײנאָ[2]),
נאָך נישט אײנאָ[3])!
אין טראָערין קײנאָ,
נאָך נישט אײנאָ![4])
ושתי, ושתי האָט געטאָען שבת מיט יודישע מײדען וואשען
אין שפינען,
דאריבאָ אָט זי גיטאָען א האָרן אָף איר שטערן גיוואַקסען.[5])
אין טראָערין קײנאָ,
נאָך נישט אײנאָ,
אין טראָערין קײנאָ,
נאָך נישט אײנאָ.

## VI.

(נאָכדעם, ווי אחשוורוש'ס צוויי דינער ווילען זיך אָן צו פאַר'סמ'ען דעם קעניג
און מרדכי הערט דאָס און גיט דאָס איבער אסתר'ן, און זי באַשליסט זיך צו
גײן צו אים).[6])

### אחשוורוש:

אסתר, אסתר, וואָס איז דאַן באַנגעיאָ[7])?
נעהנאָ[8]) צי מיר א ביסל אַהעיאָ[9]),
וואָרן עס גײט דאָך מיר אין מײנעם לעבן:
א האַלבע מליכה על עך דיר אָוועקגעבן!
אסתר אין אסתר, וואָס איז דאַן באַנגעיאָ,
נעהנאָ צי מיר א ביסל אַהעיאָ, —
עס גײט דאָך מיר אין מאַנעם לעבן:
די קרוין פין קאָפּ על עך דיר אַראָפּגעבן!

---

1) טרויערט. — (וואַרשעווער פאָרם פֿון אימפּעראַטיוו). — 2) קײנער. — 3) אײנער. — 4) דעם זין פֿון דעם אויסרוף פֿערשטײ איך נישט. — 5) שטאַמט פֿון מדרש. — וועגען דעם האָרן פֿאַראַן עטליכע ניט גאָר וויבערע אַנעקדאָטען. — 6) א פּלאָנטער: אין דער מגלה שטײט בלויז (ב', כ"ב): „ויודע הדבר למרדכי ויגד לאסתר המלכה ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי". — פֿון קײן שום „באַשליסען זיך" איז דאָ קײן רעד נישט. — 7) באַנגער. — 8) נעהן נאָר. — 9) אַהער. —



### אסתר:

אך, אך, אך, אין מאַנעם האַרצן מיט דאָך מיר ברענען
אַזוי ווי פלאַמען פֿאַיאָ[1]),
דער קעניג אחשוורוש איז דאָך באַ מיר גאַנץ טאַיאָ[2]),
מרדכי אָט מיר אַראַנגישיקט זאָגן, זאָסט נישט עסן דאָס
עסן, וואָס מ'עט דיר דיר געען[3])
וואָל ס'קען נאָך מיט דאַן לעבן חם ושלום אַנ'אומגליק גי-
שעען,

## VII.

די שײנע אסתר אָט זאָך גימאַכט פאַרטיג און גרײט,
זי אָט זאָך גיפאַרעבט די באַקען, זײ זאָלן זאַן רויט,
און ז'אָט זאָך גישטעלט באַ דעם קעניגס טיאָ[4]),
אָט ער אָסגישטעקט דאָס שטעקיע צי איאָ[5]).

### אהשוורוש:

אסתר אין אסתר, וואָס איז דאַן באַגעיאָ?
געהנאָ אביסל צי מיר אהעיאָ!

### אסתר:

איך טי צי דעם גרויסן קעניג צוטרעטן;
און איך טי דיך מיט המן'ען אָף מאַן באַל בעטן...
— — — — — — — — — — —

ווארשא. חיה שעפּס,

---

## № 78.

למנצח בנגנות מזמור שיר...
אַלמעכטיגער גאָט, אַלמעכטיגער פֿאָטער,
די זיצסט אין דער הױך,
און די זעהסט אין די קיקסט אין דער נידער;

---

1) פֿײער. — 2) טײער. — 3) געבען. — 4) טיר. — 5) איר. —

מיט איין האנט שטראָפסטו דעם מענשן,
און מיט דער אנדערער בענשסטו.[1]
און דערום בעט איך דיך:
אל תשפוך חרונך על עמך בני,
זאָסט רחמנות האָבן אויף מרדכי הצדיק,
וואָס עס טוט אונז זייער וועה.

לכה דודי, דודי מרדכי![2]
בקשתי דודי, הער צו מאַן געשריי...
ניין, ניין ניין!
המנ׳צי[3] גנב אָט גיקריגן בא מלכות חן.
און דעם מלך׳ס פינגערל טוט ער זיך שוין גיין.
— — — — — — — — — — — —

פּאָדאָליען. ס. פוקס.

## № 79.

המן־הרשע האָט זיך אנגירעדט[4],
אז מרדכי הצדיק עט פירן בא אים דאָס פערד;
המן־הרשע האָט אַליינט גיפירט,
א שעפל האָניג צוגישטירט!
לאָמער זינגען זמר(?) צאַם![5]
לאָמער מאַכן שמחת־תורה!
בעל־הבית׳טע לעבן, איך האָב ליב צו נאַשן,
נעם[6] אהער המן־טאַשן.
המן־טאַשן זייער גיט,
נישט קין בראָנפן, נאָר אָקעוויט.[7]

[1]) זעה אויבען ב׳ 22 און ב׳ 24. — [2]) ר׳ ב׳ 75, I — [3]) אין דרום־רוסלאַנד פערשפרייטער דעמינוטיוו (פאַרציִענייש) פון נעמען. — אין יעקב גארדינס „מירעלע אפרת“: — נחום׳צי׳ חנה דבורה׳ס. — דער צו דרוקט אָפטמאָל אויך אוים אירָאָניע, סאַרקאַזם, גרינגשעצונג, פאַראַכטונג. — [4]) איינגערעדט. — [5]) צאַם. — [6]) גיט. — [7]) פויליש: okowita, okowitka. — שטאַמט פון לאַטייניש aquavitae — אף דײַטש: aquavit —



אָקעוויט איז טייער,
די מאָעזי[1]) איז קליין.
אַז ס׳איז נישטאָ צו געבן —
איז נישט שיין.[2])

סאָבאָטשעוו. טרוצעק באָוסאַן.

## № 80.

I. דאָס ערשטע שלח־מנות,
וואָס גאָט האָט די יידעלעך גישיקט:
פרעה מיט זאַני עקשנות
האָט די יידעלעך צוגידריקט.
משה רבנו אַליינט
האָט די יידעלעך פון מצרים אַראָסגיפירט,
תורה, עבודה ומעשים טובים
האָט ער זיי עקספעדירט.
ער אַליינט מיט זאַן תורה,
מיט דעם מלך הבורא,
אוי ווי צוקער־זים!
כהנים, לויים, סנהדרין גדולים,
אוי ווי צוקער־זים!

II, דאָס צווייטע שלח־מנות,
וואָס גאָט האָט די יידעלעך גיבראַכט:
פרעה(?) מיט זאַן עקשנות
האָט די יידעלעך צו נאַר גימאַכט.
יצחק אברבנאל
האָט די יידען פון שפאַניען אַראָסגיפירט.
תורה, עבודה און מעשים טובים
האָט ער זיי עקספעדירט.

[1]) מאָס. — [2]) קענטיג פון די פורים־זינגערס רעפערטואר. —

ער אַלײַנט מיט זײַן תורה,
מיט דעם מלך הבורא,
אוי ווי צוקער=זיס!
כהנים, לויים, סנהדרין גדולים!
אוי ווי צוקער=זיס!

III. דאָס דריטע שלח=מנות,
וואָס גאָט האָט די ייִדעלעך געשיקט:
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —[1]
מרדכי הצדיק אַלײַנט
האָט די ייִדעלעך פֿון מצרים(?) אַראָסגעפֿירט,
תּורה, עבודה און מעשים טובים
האָט ער זיי עקספּעדירט.
ער אַלײַנט מיט זײַן תּורה,
מיט דעם מלך הבורא,
אוי ווי צוקער=זיס!
כהנים, לויים, סנהדרים גדולים,
אוי ווי צוקער=זיס!

מעגדול יאַקובאָוויטש. — קאָלאָמעע.

---

№ 81[2])

אַ גוטן פּורים מיך!
יאָך בין דער מלך משיח.
ס'בין געקומען די מענטשן שטראָפֿן,
זיי זאָלן נישט טאָן אָפּ'ן טאָג לאַנג שלאָפֿן.

ס'ערשטע זענען די קרעמערס:[3]
זיי זענען גרויסע פֿאַרשײַמערס, —
מ'קומט צו זיי אַראַן עפּעס באָרגן,
אָבן זיי קרענק אָף האַנט און ווייטיג אָף מאָרגן.

[1]) פֿעלט. — [2]) פֿראַגמענט פֿון עפּעס אַ „פּורים-שפּיל". — [3]) דער כאַבינישער עלעמענט, אָפּקלאַנג פֿונ'ם אינגיוועניגסטען פֿירונג און דער ייִדישער גאַס איז רײַך פֿאַרגעטעלט אין אַלע „פּורים-שפּילען".



ס'אַנדערע זענען די קצבים:
זיי זענען גרויסע גנבים, —
זיי שינדן;
זיי רינדן,(?)
זיי בינדן,
און לעגן אינטערן איבערבעט אַרונטער.
קומט דאָס פֿאַרשלימטע ווײַב און גנב'עט אַפּײַער[1]).
— הער נאָר מײַן ווײַב, —
אַריס און דאַן לאַב! —
ווי אָסטו ס'געלט?"
— ס'געלט איז געגאַנגען צום רבי'ן".
ער טוט זאָך אָען די הילע,
און גייט אין דער שילע,
און בלאָזט שופר, און קלאַפּט המנ'ען...

חיה שעפּס. — וואַרשאַ.

---

№ 82.

אַ גוטן פּורים, בעל=הבית=לעבן!
אַ גוט יאָער[2]) זאָל אַך[3]) גאָט געבן!
מאַנע רייד זאָלן אַך נישט זײַן צופֿיל —
על עך אַך זינגען[4]) אַ שײַן פּורים שפּיל.[5])

קום עך אַראַן צו לויפֿן[6]) —
מאַנע פֿיסאַלעך לויז[7]) —
הייב עך אָן צו זינגען[8]):
דע הלות איז מע גרויס!

[1]) אַ זעלטן פֿאַרשפּרייט וואָרט אין פּוילישן ייִדיש. — אַ פֿ ײַ ע ר, אַ פֿ ײַ אַ, אַ פֿ ע ר — אַ דעליקאַטער ניואַנס פֿון אַ ר ו י ס. — אין פּוילען זאָגט מען: „אַרויסנעמען פֿון דער קעשענע", אָבער: „אַפֿערנעמען פֿון אונטערן קישן", „אַפֿערנעמען פֿון הינטער דער שראַנק"... (פֿון דײַטשישען hervor?) —
[2]) יאָר. — [3]) אײַך. [4]) זינגען. — [5]) דאָ הייבט זיך אָן דער סאָלאָטשעווער, און אויך דער מזרח-גאַליציאַנישער וואַריאַנט. — [6]) וואַר: שפּרינגען. — [7]) וואַר: „אָף מאַנע פֿיסעלעך בלויז", אָדער: די „פֿיסעלעך זענען מיר לויז". — [8]) וואַר: „קלינגען". —

נפשי ישובב —
באַצאָלט מע מאַנע חובות [1])
לאָסן מעך נישט שטײַן [2]), —
כ׳דאַרף [3]) וואַטער צי גײַן [4]) —
לאָסן מעך נישט פּאַזאָמע [5]) —
ס׳מאַמאַלע עט מע אָפּעסן
ס׳טעפּאַלע פלאָמע...
גײַ עך מיִע [6]) וואַטער,
טרעף עך מיִע אַ ראַטער [7])
דע ראַטער אָט אַ היִנטאַלע —
וויל עס מיִעך באַסן.
גײַ עך אַראָף צים נאַטשעלניִק [8]) —
וויל ער מיִעך שמאַסן [9])
גײַ עך אַדוּרעך [10]) פּאַר׳ן בעט —
ליִגט שיִמאַלע־נאָז אָפּגיִ־
דעקט [11]).

יצחק דײַטשער (ראַדאָם).
ב. ז. זעגעל (מזרח־גאַליִציען).
י. ראָזענפעלד (סאָכאַטשעוו).

אין „מיִטטײַלונגען“ III זענען פערעפענטליִכט פאָלגענדיקע דרײַ צום אויבענגעשטעלטען ליד ענליִכע פראַגמענטען:

א) פּורים, פּורים אללע,
עך קומטע רײַנצופאַללע,
מיִט דיִ עפּפּעל אונד דיִ ניִסס,
מיִט דע הענד אונד מיִט דע פיִסס.
עך האָב דאַהאַס [12]) דרײַ טעכטער —
ס׳נעהט מער אָסור אַן אַ געֿ־
לעכטער:
אײַנע וויִלל האָבען אַ מאַן,
דיִ צווײַטע וויִלל האָבען אַ קאַפּפע־
קאַן [13])
אַף דער דריִטטע זולל קומטען אַ
העטצגעשפּאַן.

ב) פּורים, פּורים, ליִבע לאַט!
עך ווײַסס ניִכט, וואַס פּורים בעדאַט:
פּורים בעדאַט צו זינגען —
עך האָב קאַ גאָלד צו שליִנגען.
נעה עך אַ האַשען וואַטער,
טריִפּפּט מיִך דער ראַטער.
דער ראַטער וויִלל מיִך שלאַגען,
פּאַק עך איִהן אַן קראַגען.
דער ראַטער האַט אַ היִנדלען,
דאַס היִנדלען וויִלל מיִך באַססען,
עס זאָלל קריִעגען ס׳לעבעראַססען,
איִמטער אונד עוויִג!

ג) גוּט פּורים, גוּט פּורים, איִהר ליִעבען
לויט!
איִהר וויִקסט דאָך, וואַס פּורים
בעדײַט?

[1]) וואַר: „צאָלט מיִר אוים דיִ חובות“. — [2]) וואַר: „איִך האָב קײַן צײַט צו שטײַן“. — [3]) וואַר: „איִך כוז“. — [4]) דאָ ענדיִגט זיִך דער סאָכאַטשעווער און דער מזרח־גאַליִציִשער וואַריִאַנט. — [5]) פאַרזאָמען, — [6]) מיִר. — [7]) רײַטער. — [8]) פּויליִש (פערוואַלטער פון פאָסט, באַנסטאַציע און ד. גל.). — [9]) שמײַסען. — [10]) אַדוּרך. — [11]) ווערט געזונגען פון פּורים־שפּילער און פּורים־זינגער. — [12]) אין דרױהיים. — [13]) אַ קאַפּיִק ב־על.



פּורים בעדײַט: צו זינגען.
איִך האָב קײן געלד צו קליִנגען.
דרום לאַססט מיִך ניִכט לאַנגע שטעהן —
דען איִך מוּסס נאָך נ׳הויסלען ווײַטער געהן.

א און ב — ד״ר ס. פרײַנד (טשאַרניִקוי, גאַליִציען); — ג — י. היִרשמאַן (גאָרץ). —

## № 83.

I. אַזוי ווי עס קומט אָן דער הײַליִקער פּורים,
פאַרגעסן די ווײַבערלעך אָן זײַערע יסורים.
זײַ טוען לעקן אין נאַסן [1]),
קנעטן די המן־טאַסן [2]).
פאַרשטערט איז געוואָרן די גדולה:
עס האָט אַלץ אָנגעמאַכט די ידיִסע [3]) מגלה.

II. דער מאַן קומט ציגײן פון שול,
זאָגט ער: „גיב אַ שטיל!“
זאָגט זי: „דו ביסט מיר דער׳עיקר!
אַהײמציקומען פּורים שכּור“!
פאַרשטערט איז געוואָרן די גדולה:
עס האָט אַלץ אָנגעמאַכט די ידיסע מגלה.

III. דער מאַן קומט פון שול און זאָגט: „ניט־יאָר!“
ענטפערט די ווײַב: „דערלעב ניט איבער אַ יאָר!“
— פאַר וואָס מײַן ווײַב?“
„ווײַל די המן־טאַסן זײַנען געוואָרן פאַרברענט,
און מיט די המן־טאַסן האָטץ נעם און קלעפּ אוים די ווענט.
פאַרשטערט איז געוואָרן די גדולה:
עס האָט אַלץ אָנגעמאַכט די ידיסע מגלה.

IV. דער קלײנער יונג שטײט אויף מיט אַ גרײַס [4]) געוויין,
ער וויל מיט דעם גרעגער אין שול אַריין גײן, —

[1]) נאַשען. — [2]) טאַשען. — [3]) ייִדישע. — [4]) גרוים. —

זאָגט מען אים אודאי, אַז עס איז שוין צו שפּעט,
וואָרן מען האָט שוין די מגלה אָבגעלייענט.
פאַרשטערט איז געוואָרן די גדולה:
עס האָט אַלץ אָנגענומען די ידישע מגלה.

ליטע. נעסע א.

## № 84.

וואַריאַנט.

— „גוט מאָרגן, מאַן וואַב!" — „מאַן מאַן, גוט יאָר!
זאָגסט מיר נישט דערלעבן ביז איבעראַיאָר!"
— פאַרוואָס?" —
— די המן-טאַשן זענען דאָך פאַרברענט!
די קרעפּלעך האָב איך שוין גאַרנישט דערקענט!
פאַרשטערט איז מיר געוואָרן די גדולה,
אַלץ צוליב די מגלה!"

וואַרשא. מרים חמעלניצקי.

## № 85.[1]

א גוטן פורים[2], מלאך!
ווי כ'גיי פאַל'ך!
די[3] באָרד אי מא לאַנג,
ס'וואַב[4] אי מא קראַנק...

נעמט דער טאַטי[5] אַ[6] פייער-טאָפּ
אין מאַכט[7] די מאַמי[8] אַ לאָך אין קאָפּ!
זאָגן די קינדערלאַך: „אוי-אוי-אוי!"
זאָגט דער טאַטע[9]: „ניט[10] אַזוי![11][12]"

ב. ז. זענגעל (מזרח-גאַליציען).
מרים חמעלניצקי (וואַרשא).
דער חסיד (פּולטוסק).

[1]) מסתמא, פראַגמענט פון עפעס א „פורים-שפּיל", —
וואַריאַנטען: [2]) א גוטן פורים, א גוטן פורים. — [3]) מין. — [4]) מין ווייב. — [5]) דאָס ווייב. — [6]) דעם. — [7]) מאַכט. — [8]) דעם מאַן. — [9]) וואַרפט דער טאַטען. — [10]) דאָס ווייב. — [11]) עס איז גוט.
[12]) די לעצטע 4 פערזען חזר'ן זיך אָפט איבער אין פערשידענע קינדערלידער.



אין „מיטטיילונגען", III, אַזאַ וואַריאַנט:

פורים, פורים, לעפּפעלשטיל!
אַלטע וואַבער פרעסען פיעל,
יונגע וואַבער פאַסטען.
דאָס ברויט ליעגט אין קאַסטען.
ס'טעסטערלע ליעגט דערנעבן
די מאַמע וויל ניכט נעבען.
קוממט דער טאַטע העראַן,
שלאָגט די מאַמע קורץ אונד קלאַן.

(ד"ר ס. פרוינד).

## № 86.

וואַריאַנט.

— — — — — — —
א'גוטן פורים, מלאך!
ווי כ'גיי פאַל'עך!
אָב'עך א וואַב — איז זי מיר קראַנק,
אָב'עך א באָרד — איז זי מיר לאַנג...
— — — — — — —

סאָכאַטשעוו. וו. ראָזענבערג.

## № 87.

ליבע רבותי!
א באָרד האָב עך א גרויסע.
דער ווינט האָט מעך געשטויסן.
געשטויסן האָט מעך דער ווינט.
אין דער היים האָב עך וואַב אין קינד,
וואַב אין קינד האָב עך אין דער היים.
איך וויל נישט עסן קין פליש מיט קין ביין.
פלייש אין ביין וועסטו נישט עסן —
דער נאָמען זאָל נישט ווערן פאַרגעסן.

סאָכאַטשעוו. פ. גראַזבאַרד.

## № 88.

פֿיש אין אַ טײַך —
האָב עך װען גיהערט.
צװיבל¹) אַפ'ן זײַך²) —
װאַקסט דאָס אַלץ אין דר'ערד.
קים עך אַפ'ן מאַרק,
זעץ עך מעך אַנידער, —
קימט דער בורגעמײַסטער
אין קױפֿט אַלץ װידער,
קײַמאָל ניט ציפֿיל,
קײַמאָל ניט גענוג.

דינדל, דאַנדל, דינדאַלדי! —
רבותים, הערטץ מאַן לידל צי:
צװײַ קאַטשקעלעך אַפ'ן װאַסער
שװימען אַהין אין אַהער...
— — — — — — — —
כ'אָ'מער³) גימאַכט,
כ'אָ'מער גיטראַכט,
אַ גיטן פּורים!
אַ גיטע נאַכט!

טאָמאַשעװ (פּעטריקאָװער גוב.) — װ. ראָזענבערג.

## № 89.⁴)

גוט פּורים, גוט פּורים, איהר ליבע לײַט!
װיססט איהר, אַך, װאָס פּורים בעדײַט?
פּורים בעדײַט אַ גראָססען זינן:
װערפֿט מער װאָס צום ביקסלע⁵) רין!⁶)

באָרקען (העססען־נאַססאַו). — הײַנעסאָן.

## № 90.⁷)

װאַריאַנט.

גוט פּורים, גוט פּורים, איר ליבען לאַיט!
װיסט איר אױך, װאָס פּורים בעדאַיט?
פּורים בעדאַיט — קרעפּלעך צו עסן,
אין די אָרמען לאַיט ניט פֿערגעסן.⁸)

קורלאַנד. — ה. מיבעלזאָן.

¹) דײַטשיש: Zwiebel, אַף ייִדיש זאָגט מען: ציבעלע (פֿון פּױלישען cybula). — ²) זאָל דאָס זײַן פֿון דײַטשישען seiche? — אָדער seuche? ³) כ'האָב מיר. ⁴) „מיט“ III. ⁵) פֿון דײַטשישען bechse. — דערפֿון שטאַמט די הײַנטיקע „פּישקע“. — אין פּױלען נאָך פֿאַרט די אַלטע פֿאָרם, — מ'זאָגט: שבשמים־ביקס. (אויך אַף פּױליש געברױכט מען puszka. אינטערעסאַנט. װער בא װעמען האָט גענומען: פּױליש בא ייִדיש, צי פֿאַרקערט?) ⁶) װאַר. בא ג.־ם. נ' 35. ⁷) „מיט“ III. ⁸) בא ג.־ם. № 36.



## № 91.¹)

צװײטער װאַריאַנט.

גיט פּורים, גיט פּורים, מאַנע ליבע לאַט!
װײסטט איהר דען, װאָס פּורים בעדאַט?
האַנט איז פּורים, מאָרגען איז אױס, —
געבט מער אַ גראָשען — אונד שמאַססט מער ראָוס!²)

לײַנזײ (װעסטפּרײַסען). — אַברהם ס.

## № 92.

אסתּר תּענית אַפּערנאַכט
גײען די װאַבעלעך אַרים פֿערטראַכט:
זײַ גײַן אַרים, טיען לעקן, נאַשן, —
ס'אי פֿערברענט געװאָרן די המן־טאַשן!

ראַדאָם. — יוסף ראָזענפֿעלד.

## № 93.

אַ גוטען פּורים, אַ גוטען פּורים,
גאָט צום גרים!
איך האָב אַ לונג־און־לעבער
— — — — — — — —
װילט איר מיר נישט גלײבען:
נימט אַהער אַ טעלער — װעל איך אַרױסלענען.

מזרח־גאַליציען. — ב. ז. זעגעל.

## № 94.

I.

העי, העי, קלוגע יונגען!
אַף אַלע וא[illegible] זענט איר קלוג,
קלוג, קלוג אַף אַלע זאַכן,
ד[illegible] יקע נאַכט מעגט איר שפּראַכן,

שפּראַכן מעגט איר: װאָס איז אײנס?
— אײנס איז אונזער גאָט,
דער, װאָס לעבט,
און דער, װאָס שװעבט
אַף הימעל און אַף דר'ערד".

¹) „מיט“ III. ²) בא ג.־ם. № 34

II.

העי, העי, קלוגע יונגען! —
און ז. וו. (ווי אין I)
שפראַכן מעגט איר: וואָס איז
צווייַ?

— צווייַ איז אונזערע לוחות,
און איינם איז אונזער גאָט,
דער, וואָס לעבט", — און ז. וו.
(ווי אין I)

III.

העי, העי, — און ז. וו. (ווי אין I)
שפראַכן מעגט איר: וואָס איז דרייַ?

— דרייַ איז אונזערע אָבות,
צווייַ איז אונזערע לוחות,
און איינם איז אונזער גאָט,
דער, וואָס... און ז. וו. (ווי אין I)

IV.

העי, העי...: וואָס איז פיר?

— פיר איז אונזערע אמהות,
דרייַ איז אונזערע אָבות,
צווייַ... און ז. וו. (ווי אין II)

V.

העי, העי....: וואָס איז פינף?

— פינף איז אונזער תורה,
פיר... און ז. וו. (ווי אין IV)

VI.

העי, העי......: וואָס איז זעקס?

— זעקס איז אונזערע משניות.
פינף... און ז. וו. (ווי אין V)

VII.

העי, העי......: וואָס איז זיבן?

זיבן איז אונזער שבת,
זעקס... און ז. וו. (ווי אין VI)

VIII.

העי, העי......: וואָס איז אַכט?

— אַכט איז אונזער ברית,
זיבן... און ז. וו. (ווי אין VII)

IX.

העי, העי......: וואָס איז נייַן?

— נייַן איז אונזער געווינען,
אַכט... און ז. וו. (ווי אין VIII)

X.

העי, העי......: וואָס איז צען?

— צען איז אונזערע עשרת-
הדברות,
נייַן... און ז. וו. (ווי אין IX)

XI.

העי, העי......: וואָס איז עלף?

— עלף איז אונזערע מזלות,
צען... און ז. וו. (ווי אין X)

XII.

העי, העי......: וואָס איז צוועלף?

— צוועלף איז אונזערע שבטים,
עלף... און ז. וו. (ווי אין XI)

XIII.

העי, העי, קלוגע יונגען!



אף אַלע זאַכן זענט איר קלוג, —
קלוג, קלוג אף אַלע זאַכן,
הייַנטיקע נאַכט מעגט איר
שפראַכן,
שפראַכן מעגט איר: וואָס איז
דרייַצען?

— דרייַצען איז אונזערע מדות,
צוועלף איז אונזערע שבטים,
עלף איז אונזערע מזלות,
צען איז אונזערע עשרת-הדברות,
נייַן איז אונזער געווינען,
אַכט איז אונזער ברית,
זיבן איז אונזער שבת,
זעקס איז אונזערע משניות,
פינף איז אונזער תורה,
פיר איז אונזערע אמהות,
דרייַ איז אונזערע אבות,
צווייַ איז אונזערע לוחות,
און איינם איז אונזער גאָט,
דער, וואָס לעבט,
און דער, וואָס שוועבט
אף הימעל און אף דר'ערד.

מאָהילעווער גוב. י. וואָלקאָוויטשער.

## № 95.

װײַסרוסישער װאַריאַנט.

I.

Ojcze mój, nafcony mi [1]),
Okaź mi,
Pokaź mi:
Co to u nas jeden?

— Jeden Pan-Bóg na niebi[2]),
Co nad nami królui.[2])"

II.

Ojcze mój... און ז. וו. (ווי אין I)
Co to u nas dwa?

— Dwie tablice Mojźeszowe,
Jeden Pan-Bóg na niebi,
Co nad nami królui."

III.

Ojcze.... (ווי אין I)
Co to u nas trzy?

— Trzy nasze ojcowie,
Dwie.... (ווי אין II)

IV.

Ojcze.... (ווי אין I)
Co to u nas cztery?

— Cztery — nasze matki,
Trzy... (ווי אין III)

V.

Ojcze.... (ווי אין I)
Co to u nas pięć?

— Pięć — nasza Biblia,
Cztery... (ווי אין IV)

[1]) דערקלער מיר. [2]) דער טראָפ אף דער לעצטער זילבע.

VI.

Ojcze.... (ווי אין I)
Co to u nas sześć?

—Sześć—nasze Talmudy,
Pięć.... (ווי אין V)

VII.

Ojcze.... (ווי אין I)
Co to u nas siedem?

— Siedem — nasza sobota,
Sześć.... (ווי אין VI)

VIII.

Ojcze.... (ווי אין I)
Co to u nas osiem?

—Osiem nasze obriezanije,
Siedem.... (ווי אין VII)

IX.

Ojcze... (ווי אין I)
Co to u nas dziewięć?

— Dziewięć nasze urodzenije
Osiem... (ווי אין VIII)

X.

Ojcze mój, nafcony mi,
Okaż mi,
Pokaż mi,
Co to u nas dziesięć?

-Dziesięć nasze zapowiedi,
Dziewięć nasze nrodzenije,
Osiem nasze obriezanie,
Siedem nasza sobota,
Sześć nasze Talmudy,
Pięć nasza Biblia,
Cztery nasze matki,
Trzy nasze ojcowie,
Dwie tablicy Mojżeszowe,
Jeden pan-Bóg na niebi,
Co nad nami królui.[1])

לערי (מאָהיל. גוב.) י. וואָלקאָוויטשער.

№ 96,

רוסישער װאַריאַנט.

I. חאָראָשאָ סלוזשבאַ נאַשאַ[2]) יעוורעיסקאַיאַ.[3])
אך זנאַיטיע קאַק?[4])
וושע יעווּרעי ביבלי זאשציטאַלי...[5])
סקאַזשיטיע מניע, צאָ עָטאָ זנאַצי,[6])
סקאַזשיטיע מניע, צאָ עָטאָ זנאַצי —
אדין?[7])

[1]) נאָך דריי סטראָפֿען זענען בײַם פֿאַרשרײַבער פֿאַרלוירען געגאַנגען.
[2]) װאַריאַנט: „חאָראָשאָ נאַשאַ סלוזשבאַ“ ... [3]) „גוט איז אונזער יידישע עבודה“. [4]) „אך ווייסט איר ווי?“. [5]) „אַלע יידען האָבען די ביבל געלייענט“. [6]) זאָגט מיר, וואָס הייסט דאָס“ ... [7]) „איינס“.



אַך, טי זעמליאַק[1]),
יאַ חאָראָשאָ זנאַיו,[2])
יאַ טעביע אָטוויעצאַיו:[3])
אדין זנאַציט באָג,[4])
צטאָ נאַ ניעביע אי נאַ זשעמי[5]),
טאָלקאָ אדין באָג![6])

II. האָראָשאַ ... א. ז. וו. (ווי אין I)
... דוואַ?[7])

אך טי זעמליאַק... א. ז. וו. (ווי אין I)
... דוואַ זנאַצי טאַבליצי[8])
אדין זנאַציט א. ז. וו. (ווי אין I)

III. חאָראָשאַ ... און ז. וו. (ווי אין I)
... טרי?[9])

אַך ... (ווי אין I)
... טרי זנאַציט באַיטושקאַ[10]),
דוואַ ... א. ז. וו. (ווי אין II)

IV. חאָראָשאַ... (ווי אין I)
... צשעטירע?[11])

אַך ... (ווי אין I)
צשעטירע זנאַציט מאַיטושקאַ,[12])
טרי זנאַציט... (ווי אין III)

V. חאָראָשאַ ... (ווי אין I)
... פיאַט?[13])

אַך ... (ווי אין I)
פיאַט זנאַציט ביבלי,
צשטערי זנאַציט... (ווי אין IV)

VI. האָראָשאַ ... (ווי אין I)
... שעסט?[14])

אַך ... (ווי אין I)
שעסט זנאַציט פּיאַטניצאַ,[15])
פיאַט זנאַציט... (ווי אין V)

VII. חאָראָשאַ ... (ווי אין I)
... סיעם?[16])

אַך ... (ווי אין I)
סיעם זנאַציט סאָבאָטאַ,[17])
שעסט זנאַציט... (ווי אין VI)

VIII. חאָראָשאַ ... (ווי אין I)
... וואָסיעם?[18])

אַך ... (ווי אין I)
וואָסיעם זנאַציט אָברעזאַני[19])
סיעם זנאַציט... (ווי אין VII)[20])

קאַלוּשין (שעדלעצער גוב.) פּ. גראַובאַרד.[21])

[1]) „אך, דו ברודער“. — [2]) „איך ווייס גוט“. — [3]) „איך ענטפער דיר“. — [4]) „איינס הייסט גאָט“. — [5]) „וואָס אף הימעל און אף-ערד“. — [6]) „נאָר איין גאָט“. — [7]) „צוויי“. — [8]) „צוויי הייסט די לוחות“. — [9]) „דריי“. — [10]) „אָבות“. — [11]) „פֿיר“. — [12]) „אמהות“. — [13]) „פֿינף“. — [14]) „זעקס“. — [15]) „פֿרײַטאָג“. — [16]) „זיבען“. — [17]) „שבת“. — [18]) „אַכט“. — [19]) „ברית-מילה“. — [20]) די איבעריגע 5 סטראָפֿען פֿעלען. — [21]) גענומען בײַ אַ דאָרטיגען שינדעלמאַכער.

## № 97.

דריטער װאריאנט:

**I.**

איינס, איינס, אָדער מער!
דאס נעמליכע װייסן מער [1]:
איינס איז דער ליבער גאָט,
װאָס ער לעבט
און װאָס ער שװעבט
איבער הימל און איבער ערד.

**II.**

צװיי, צװיי, אָדער מער!
דאס נעמליכע װייסן מער:
צװיי טאָװלען מאָזעס,
איינס איז דער ליבער גאָט,
און ז. װ. (װי אין I)

**III.**

דריי, דריי, אָדער מער!
דאס נעמליכע װייסן מער:
דריי זענען די פאטערס,
צװיי... און ז. װ. (װי אין II)

**IV.**

פיר, פיר, אָדער מער!
דאס נעמליכע װייסן מער:
פיר זענען די מוטערס,
דריי... און ז. װ. (װי אין III)

**V.**

פינף, פינף, אָדער מער!
דאס נעמליכע װייסן מער:
פינף איז די הייליגע תורה,
פיר... און ז. װ. (װי אין IV)

**VI.**

זעקס, זעקס, אָדער מער!
דאס נעמליכע װייסן מער:
זעקס זענען די משניות,
פינף... (װי אין V)

**VII.**

זיבן, זיבן, אָדער מער!
דאס נעמליכע װייסן מער:
זיבן איז דער הייליגער שבת,
זעקס... (װי אין V)

**VIII.**

אכט, אכט, אָדער מער!
דאס נעמליכע װייסן מער:
אכט איז דאס בעשניידונג,
זיבן דער הייליגער שבת,
זעקס זענען די משניות
פינף איז די הייליגע תורה,
פיר זענען די מוטערס,
דריי זענען די פאטערס,
צװיי טאָװלען מאָזעס,
איינס איז דער ליבער גאָט,
װאָס ער לעבט,
און װאָס ער שװעבט,
איבער הימל און איבער ערד.

װארשא. רחל־גיטל שעפס.

[1] מיר. —



## № 98.

פערדער װאַריאנט.

**I.**

איינס, איינס, אָדער מער —
דאָסזעלבע װייסן מער:
איינס איז דער ליבער גאָט,
װאָס ער לעבט,
װאָס ער שװעבט
צװישן הימל און צװישן דר'ערד.

**II.**

צװיי, צװיי, אָדער מער —
דאָסזעלבע װייסן מער:
צװיי איז הימל,
איינס איז דער ליבער גאָט...
און ז. װ. (װי אין I)

**III.**

דריי, דריי, אָדער מער —
דאָסזעלבע װייסן מער:
דריי איז די זון,
צװיי איז דער הימל...
און ז. װ. (װי אין II)

**IV.**

פיר, פיר, אָדער מער —
דאָסזעלבע װייסן מער:
פיר איז די לבנה,
דריי איז די זון...
א. ז. װ. (װי אין III)

**V.**

פינף, פינף, אָדער מער —
דאָסזעלבע װייסן מער:
פינף איז די שטערן,
פיר איז די לבנה,
דריי איז די זון,
צװיי איז דער הימל,
איינס איז דער ליבער גאָט,
װאָס ער לעבט,
װאָס ער שװעבט
צװישן הימל און צװישן דר'ערד,

סאבאטשעװ. יעקב נאָטהעלף.

נגם. 94–98 — איבערזעצונגען און בעארבעטונגען פון'ם הגדה'שען „אחד מי יודע".

װעגען „אחד מי יודע" — זעה: מאיר איש־שלום, „מאיר עין על הגדה" װינא, 1895. —

ה' סעװערין אנדזיעל האט ענטדעקט אנ'איינענארטיגען „אחד מי יודע" אויך בא די פוילישע פויערן אין דער פאראפיע מאגילאג: הינטער קראקוי („ליוד", IV, 297).

די ערשטע סטראָפע:

A ty żaczku ucony,
Coś był w skole ćwicony,
Powiedz co to jest jeden?

Jeden Syn Maryi,
Co w niebie króluje
A na ziemi panuje.

אין די ווייטערדיקע 12 סטראָפֿען זענען פֿאַרבליבען בלויז: די צווייי לוחות (Dwie tablice Mojżesowe); די אָבות (Trzech patryarchów) און די עשרת-הדברות (Dziesięć przykozań boskich).

די איבעריגע ניין תשובות זענען געענדערט אין גייסט פֿון דער קריסט-ליכער אמונה, אַזוי אַז פֿון ליד איז געוואָרען אַ קאַטוילישע תפלה.

„אַלע אייננוואוינער פֿון דאָרף, — דערציילט דער פֿאַרשרייבער, — זאָגען דאָס ליד יעדען אָוועגט נאָכ'ן פּאַציערש[1]. מיטערס לערנען אויס די קינדער, און איטליכער דאָרט מוז קענען פֿליסיג אַרויסזאָגען דעם צונגאָב צו דער תפלה, דען פֿאַר האַלבע נאַכט קאָן קומען נאָכ'ן מענשען דער טייוועל אָדער אַ סטריגאָן[2] און אים אַ פֿרעג טון די דרייצען שאלות, — דאַרף מען פֿליסיג ענטפֿערן: ווער ס'וועט איבערהיפּערן כאָטש איין תשובה — דעם וועט דער נישט-גוטער אָפּרייסען דעם קאָפּ.

ה' א ו ד ז י ע ל א רעכענט, אַז דער קאַטוילישער „אחד מי יודע" מוז זיין זער אַלט, שטאַמענדיק נאָך פֿון מיטעלאַלטער, ווען די פּוילישע טעאָלאָגען האָבען פֿאַרפֿאַסט אַ קריסטליכע נאָכאַמונג צו אונזער יום-טוב-מעשה'לע.

מעגליך, אָבער, אויך, אַז די ווייסרוסישע און רוסישע וואַריאַנטען פֿון דעמזעלביקען ליד, וואָס דרייען זיך אַרום אין יידישען תחום פֿון שנים-קדמוניות[3], זענען געווען די בריק, איבער וועלכער אונזער פּסח'דיקער מאָטיוו איז איבערגעגאַנגען אין קרענצעל פֿון די פֿאָלקסטימליכע קאַטוילישע תפלות. אַ סך גיט אָנצוהערען דאָס, וואָס די ערשטע דריי פֿערזען פֿון דער איבענגעבראַכטער גאַליצישער סטראָפֿע[4] זענען זער ענליך צו די 5 פֿערזען I אין נ' 94, וועלכע געפֿינען זיך ניט אין דער הגדה און באַלאַנגען איינגאַנ-צען צו די פּרוכטען פֿון דער יידישער פֿאָלקסשאַפֿונג; די לעצטע צוויי שורות פֿון דער קאַטוילישער סטראָפֿע[5] טרעפֿען זיך, ווידער, מיט די לעצטע צוויי I אין נ' 95.

---

## № 99.[6]

### ווי עס הייבט זיך נאָר אָן
### פֿין ראש-חודש ניסן אָן.

---

1) קאַטוילישע „קריאת שמע". — 2) ס ט ר י ג אָ ן — הייסט אין דער סלאַווישער דעמאָנאָלאָגיע די נשמה פֿון אַ פּריצייטיק געשטאָרבענעם ממזר. — 3) אַלע יידישע לידער אַף די סלאַווישע דיאַלעקטען זענען זער אַלט. — 4) A ty żaczku ucony... א.ז.וו. — 5) Co w niebie króluje — און ז.וו.
6) אַלע ווייבער זינגען עס מיט אַ אומעטיגען אויסגעצויגענעם ניגון.



קריגן באַלד אַלע וואַבאַלאַך אין משוגע'ען
אין הייבן באַלד אָען
פֿין די באָריקים[1] צי שמיעסן.
נייץ' י[2] אַראָס[3] צי דעם פּאָאָ[4],
נעמט אַ באָריקל, אין בראַבט איף[5] דאָס ווינדאַלע,[6]
אין לעקט, צי ס'אי זיס, צי ס'אי זאָאָ[7])
לעקט פֿין אינטן אין לעקט פֿין איוון,
אין זאָגט אַלעהאַנט[8]) חסרונים[9]).
אין אַ מינוט אַרים,
זי קיקט זאַך אים,
שטייען שוין לעבן איר פֿינעף הינדאָט קונים.
שטייען זיי אַזוי לאַנג,
ביז יעדערער מיז זאַן דעה אָפּזאָגן.
דאַוואַל[10]) נעמט דער פּאָאָ די באַטש[11])
אין הייבט אָען אַלע פֿינאַנדאָציִיאָגן,
הייבן זיי ערשט אָען די באָריקים אַהיימציטראָגן.
אין ווי זי טראָגט זי שוין צי מזל אַהיים
אין זעצט זאַך שוין אַסקראָביען[12]),
קומט די פֿרימע צאַרקע
אין וויל זי זאַרלאָפּיען[13]):
— שלימיזאַלניצע, נעמט אַ קלאָרע שטשאַרקע![14]")
— אוי ווי מיאָר גישעהען, וואָס ווילט איר פֿין מיר אָבן![15])
די שטשאַרקע איז דאָך גענוג קלאָער!
— שלימיזאַלניצע, לייג-אַוועק די באָרקע,

1) פֿון פּוילישען: bórak, burak — אין וואָלין: בעריק(עס). — 2) גייט זי. — 3) אַרויס. — 4) פּויער. — 5) ברעקלט-אָף. 6) ווינדעלע. — אין פּוילישען יידיש קומט אָפֿט אַ וואוילקלאַנג-נ אין ווערטער, אין וועלכע ס'איז דחלוטין איבעריג; — למשל: שפּאַנצירען (שפּאַצירען), מענטריקע (מעטריקע). — די אייגענע ערשיינונג איז פֿאַראַן אויך אין דער פּוילישער שפּראַך. — 7) זויער. — 8) אַ פֿאַרשפּרייט וואָרט אין פּוילישען יידיש, שטאָט פֿון דייט-שישען: allerhand (כל'ערליי). — 9) אין פּוילישען יידיש, אָנשטאָט דער העברעאישען אָנגענומענער פֿאָרם: ח ס ר ו נ ו ת. — 10) דערווייל. — 11) בייטש. — 12) אָפּשיילען. — פֿון פּוילישען oskrobać. — 13) פֿאַרצוקען. — פֿון פּוילישען: zadłubać. — 14) שמאַטע. האַנטאַך. — אין פּויליש ?: ścierka — 15) האָבען.

די פֿאַרזינדיגסטע דיאַר דאָך דאַנע יינגע יאָער!"
אַט זי שוין מיט מול די באַריקעס איינגיסקראַבעט
אין איינגילייגט,
גייט זי אַראָם [1], —
טראָגט איינער אַ גאָנשער, [2]
אין איינער אַ פּאַט,
אין איינער אין [3]) אַנדערען ווינשען זאָך:
„דערלעבין איבער=אַיאָר!"
— האָט איר דאָ נישט גיזעהן דעם פֿאָא
מיט די אייער,
וואָס פֿאַקויפֿט צו גילן אין [4]) שאָק?
— אוי, אפשר דער פֿאָא אין די צעריסענע גאַטקעס?
— אוי, אָב עס אַלציג שוואַרץ יאָער!
ב'וועל בעסאָ גיין פֿאַר די טרייפֿענע יאַטקעס,
וועל עך מאָ דאָך קלאָבען [5]) שיין אין קלאָער".
דאַוואַל גייץ זי צים ניפּעס,
אין אַ גרוים גיריים אין אַ גרוים גישלאָק
שטיפּען זאָך איינער אין אַנדערן אָפּ די נגו.
קימץ'יז [6]) אַהיים,
טרעפֿט זי די מויד קעמען.
פֿאַר גרויסע צרות, פֿאַר גרויסע לייד
וויל זי די מויד די אויגן אַראָסנעמען.
— באַלאַבוסטע [7]), נאַט אך [8]),
קווינטשעט ניט, אין נאַט אך!...
— נא, גרייט צים טיש
אין מאַך אין סדר ציראַכט.

וואַרשא. חיה שעפּס.

---

[1]) אַרוים. — [2]) אין וואָלין: ביטיל (רוסיש: бутыль) – גאָנשער – פֿון פּוילישען: gęsior ,gąsior, [3]) אין — דעם. [4]) אין — דעם, [5]) קלויבען. — [6]) קומט זי. — [7]) בעל-הבית'טע. — [8]) אייך.



## № 100.

פּסח – יום טוב, – דער גרעסטער יום טוב!
עסן עסט מען צי דער זעט.
ס'וואַב איז אַ מלכה, דער מאַן איז אַ מלך,
דער דלות טאַנצט אָפּ'ן היסב=בעט...

ראַדאָם. י. פּערלע.

---

## № 101.

פּסח – מצה;
שבועות – דאַצע; [1])
ראש=השנה, יום=כפּור – פּלאַצע; [2])
שמחת=תורה – סקאַצע. [3])

וואַרשא, א. ח. שעפּס

---

## № 102. [4])

I. די בעל=הבית'טע, די בעל=הבית'טע זיצט אין עסט
אָרים אין אָרים מיט אירע געסט, —
שרייען די קינדאַלאָך: „מאַמי=לעבן,
פֿין האַנט [5]) איבעראַיאָר זאָלן מיר ווידער דאַלעבן!"
— וואָס איז בּאַ יידאַלאָך אַזאַ גדולה?
— קיקט=אַראַן אין די הייליקע מגלה,
וועט עטץ זעהען גאָטס ווינדער,
וואָס ער טיט מיט זאַני קינדער.
מבשר טוב אין מבשר רע –
אליהו הנביא,
אינזער רעגירן,
אינזער וועקפּירן. [6])

---

[1]) רוסיש: дача (זומערוואוינונג). — [2]) פּויליש: płacze (וויינט). [3]) פּויליש: skacze (שפּרינגט). — [4]) דאָס ליד געהערט צום אויבענגעשטעל־טעלטען פּורים-רעפּערטואַר (נומערן ) צוליב אַ טעכנישע סבה איז עס פֿאַר־בליבען צום סוף. — [5]) היינט. — [6]) וועגפֿירער (?).

ציִ דעם טיִט מען האָפּן, צי דעם טיִט מען האָפּן.
אליהו הנביא נעמט דאָס פיִדאַלע איִן שפּיִלט זיִך צי.
המן אָט זעך גיזעצט שפּיִלן נאָר אַ שאָך;
ער אָט גיוואָרפן גורל, אָף וועלכע וואָך...
דאַנקען מיִר איִן לויבן מיִר אַלע ייִדן נאָך.

II. האַנט אַמאָל אַ קודש [1]) איבער די גאַנצע וועלט.
ווער ס'אָט אַ שיין לשון — דער גייט פּורים פאַרשטעלט.
איִך בין פיִן אַ מיִל,
איִך וועל אָך זיִנגען אַ פּורים-שפּיִל,
איִך וויִל אַך זיִנגען אַ שיין שטיִקל,
מ'עט מאַכן איִן [2]) עולם אַנ'אַפּעטיִקל. [3])

III. דיִ בעל-הביִת'טע, די בעל-הביִת'טע זיִצט איִן עסט:
אַריִם איִן אַרים מיִט איִרע געסט, —
שרייען דיִ קיִנדאַלאַך: „מאַמי-לעבן,
פון האַנט איִבעראַיאָר זאָלן מער ווידער דאַלעבן!"
וויינט ניט, איִן קלאָגט ניט איִן אָט גיִט קיִן מורא:
עס איִז דאָ אַ נאָט איִן היִמל — איִז ער אַ גבור נורא.
פאַרפלוכט זאָל ווערן המן מיִט זיין שוועסטער,
גיִבענשט זאָל ווערן דיִ מלכה, וואָס זיִ הייסט אסתר.

יוסף ראָזענפעלד. — ראַדאָם.



[1]) קענטיִג, אַ פאַרדאָרבענער אויסדרוק. — [2]) דעם. — [3]) אַנ'אַפּעטיִטלעך.



# אַנמערקונגען און דערקלערונגען.

צו נומער 1

וועגען דעם ליד שרייבט מיר ה' ב. ז. זעגעל, וועלכער האָט עס געליִיענט אין קאָרעקטור: „איך מוז אייך זאָגען, אַז איך האָב שוין לאַנג נישט געהאַט אַזאַ אמת'ע הנאה, ווי פון די פּאָר בויגען, וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט.

„דאָס ערשטע לידעלע האָט מיך פּשוט מחיה נפש געווען, בשעת איך בין געלעגען און וויִיטאָג און האָב מיך כמעט נישט געקאָנט רירען. דאָס לידעל פלעגט מען בײַ אונז אין דאָרף (לאָפּישנאַ, לעבען ראָהאַטין און בערזשאַן, Brzeżany מזרח-גאַליציען) צו זינגען בשעת חדוה, לכּשל, און אַ פּורים. אַ שמחת-תורה וכדומה. געבראַכט האָט צו'ן אונז דאָס לידעל איִינער פון מײַנע רבי'ס, ד. ה. מלמדים וואָס ער איז געוועזען אַ הייסער חסיד און פלעגט צו פאָרען צו פאַרשידענע צדיקים. עס האָט געהאַט נאָך צוויי תרגומים, וואָס זיי פעלען בײַ אייך

ווען ער וויל קאָן ער דערהייכען;
ווען ער וויל קאָן ער דערנידעריקען [1])

אַנשטאָט „קאָן" האָט מען אויך געקענט זינגען „טוט". —

צו נומער 8:

דער „בערדיטשעווער רב" האָט געהאַט זײַנעם אַ באַליבטען „גאָט פון אברהם", וועלכער איז נאָך היינט זער פאַרשפרייט אין וואָלין און גאַנץ אוקראינע.

זעה: „שני המאורות", ווי אויך: „יעווריעסקאַיאַ סטאַרינאַ", I, 219.

צו נומער 12:

קאָנסקאַוואָליאַ איז ניט אין ראַדאָמער, נאָר אין לובלינער גובערניע.

[1]) די צוויי פערזען קומען צווישען פערדען און פינפטען פערז פון נ' I.

## צו נומער 25:

נעווען די באַליבטע תפלה פֿון ר׳ דוד׳ל מאַקאַראָווער.

---

## צו נומער 32:

דעם פּרעפֿיקס נ׳ אין צווייטווערטער געפֿינען מיר אויך אין ספר: „תורה, נביאים וכתובים, מלשון הקודש נעתקים, ובלשון אשכנז נכתבים... נדפס בבית ובהוצאות האלוף והקצין יוסף עטיאש יצ״ו, באמשטירדאם, שנת תבואתה לראש יוסף לפ״ק״.

אַפֿ׳ן שער פֿון דעם ספר, וואָס איז שוין אַלט 232 יאָר, לייענען מיר:

דיז ספר גלייכן איז פֿאר דיזם ניט מין ווארדן
נידרוקט אין דער גאנצן וועלט.
אוני מאך האט אויך דא אן נישפארט קיין
געלט:
אוני האט דא צו ניגומן גוטי נייאי אותיות.
שין פפויאר אוני גוטי טינט.
דאש עש קאן לייאנן איין איטליך קינט:
און ז. וו.

---

## צו נומערן 55–56:

ווען דער באַנד האָט שוין געהאַלטען בײַ פֿאַרפֿאַרטיגט ווערען, איז מיר אויסגעקומען אַרײַנצוקוקען אין „לעמבערג, און דאָרטען איז מיר געלונגען אויפֿצוזוכען דאָס העפֿט פֿון דער צײַטשריפֿט „ליגד״ (II, 22–30) מיט׳ן אַרטיקעל פֿון פּ׳ ז. גרינבערג „פּשיפּאָוויאַסטקאַ וו׳ סוועי וועדרוווצע״.[1]) דאָס, וואָס כ׳האָב אין דעם אַרטיקעל געפֿונען, האָט מיך אַף אַזוי פֿיל באַפֿרידיגט, אַז כ׳האָב נישט געדאַרפֿט חרטה האָבען אַף די מיה, וועלכע כ׳האָב אָנגעווענדעט, דאָס בוך צו באַקומען.

די פּוילישע „חד-גדיא״, וועלכע פּ׳ גרינבערג ברענגט אין איר מיטטיילונג, איז, מעג מען זאָגען, אַ אות-באות׳דיקע איבערזעצונג פֿון דעם הגדה-מעשה׳לע.

---

[1]) אַ מעשה׳לע אין ווען, וואַנדערן.



Poszedł tatko do miasteczka,
Kupił nam baranka
Za dwa pieniążkį, zą dwa szęlążki,
Za dwa całe.

דערנאָך:

Przyszedł w'lk — zjadł nam tego baranka.

און ז. וו.

נאָר די לעצטע סטראָפֿען זענען איבערגעמאַכט אין קריסטליכען טאָן. נאָכדעם, ווי דער שוחט האָט געקוילעט דעם אָקס, —

Przyszedł ɔjabeł — wziął rzeźnika,[1])

דערנאָך:

Przyszedł ksiądz — kropił djabła,[2])
Naco djabeł wziął rzeźnika,
Na co rzeźnik zabił byka,
Na co byk wypił wodę,
Na co woda zlała ogień,
Na co ogień spalił kij,
Na co kij zabił psa,
Na co pies zjadł wilk,
Na co wilk zjadł nam tego baranka,
Co nam pan tatko kupił
Za dwa pieniążki, za dwa szelążki,
Za dwa całe.

דאָס איז די לעצטע סטראָפֿע.

פּ׳ גרינבערג. האָט דאָס מעשה׳לע געהערט פֿון אַ פּויערטע יולקאַ פּאַקאָסאָווניאַ אין די קאַרפּאַטען.

ווי מיר זעהען איז קיין שום יודיש ליד נישט אַזוי נאָהענט צו דער הגדה׳ישער „חד-גדיא״, ווי דאָס דאָזיגע פּוילישע ליד. פֿאַר בין איך מאַכע איבערצײַגט, אַז די איבערזעצונג פֿון אונבעדינגט שטאַמען פֿון אַ יודען, און ערשט דערנאָך איז עס איבערגעגאַנגען צו די פּאָליאַקען.

נאָך צוויי פּוילישע געקייטעלטע מעשה׳לעך פֿון דעמזעלביקען חד-גדיא-טיפּ הגם ווײַטער פֿון אויבענגעבראַכטען וואַריאַנט, געפֿינען מיר אין „וויסלאַ״, 1890.

---

[1]) „געקומען דער טײַוועל גענומען דעם שוחט״ — [2]) „געקומען דער גלח - באַשפּריצט דעם טײַוועל״ (מיט הייליג וואַסער).

איינס הייבט זיך אויך אָן:

Stworzył Pan Bóg kozę,
Żeby gruszki trzęsła..

און ענדיגט זיך דערמיט, אז דער מענש עסט-אָף דעם אָקס.

---

## צו נומער 69:

אף 112 ד (16-טע שורה, פאר „שטארבן") דורכגעלאָזן: „לעבן, 23, 25, 41". —

---

## צו נומער 77:

סעק-בעטיען איז עפּניס, די טייטש: שלאָף-בעטעל. — „סעקען"-הייסט אין וואָלין: זעצן זיך, זיצן. — „סעק שוין אנידער!" זאָגט מען מיט הארץ, מיט כעס, מיט פערדראָס; און דעם וואָרט שטעקט אָפּט: פערהאַלטענע, האס, — און שטענדיג: בעליידיגונג. אין פּוילען הייסט „סעקען" אויך: שלאָפען-גיין, שלאָפען.

---

## צו נומער 81:

וואריאַנט פון לעצטען פערז: „און קלאפּט שופר און בלאָזט המן'ען".
(א. ת. שעפּס, ווארשא).

---

## צו נומער 82:

אין „אם אורקוועל" III, 175, איז פערעפענטליכט א דייטשיש „מיכעליסליד", [1])

1 Michels, Michels, de gode[2]), Mann
2 Da geihn de Piepen un Flaueten an,
3 De Appel un de Beeren,
4 De Noete tau vermehren.
5 Lattmi nith so lange stahn,

[1]) מיכעליס — אקריסטליכער הייליגער. זיין טאָג פאלט-אויס אים הערבסט, ווען דאָס אויבס איז שוין אראפּגענומען פון די ביימער און צעגויס-געלעגט אין די שפּיכלערס. אָרימע קינדער גייען דאן איבער די הייזער פון די רייכע בירגער און זינגען פאר זייער טיר ספּעציעלע לידער. — [2]) „דער גוטער".



6 Dat Himmelreich is uppedahn:
7 Foer alle jufen Gaeste,
8 De Geber is de beste.

דאָס ליד שטאַמט פון פעטערסהאגען (בא מינדען אין וועסט-פאלען).

דער פינפטער פערז פון דעם ליד דערמאָנט דעם 12-טען אין ב' 82 (און דעם פינפטען אין ג').

אין 3-טען און 4-טען פערז פון „מיכעליסליד" ווערט גערעדט פון עפּעל, בערען און ניס. — אין 16-טען פון ב' 82 זעהען מיר פלאָמען; אין א', ג — עפּעל און ניס.

לויט די סימנים קאָן, פיליכט, געדרונגען זיין, אז פיל פון די עלטערע פורים-לידלעך אונזערע מוזען שטאַמען פון דייטשישע הערבסט-לידער, וואָס זענען פערבונדען מיט'ן אויבס-יום-טוב פון הייליגען „מיכעליס".

---

## צו נומער 83:

אין III, 5 דארף אנשטאָט „די המן-טאַשען", עפּניס, ווי 3 „די קרעפּלעך", ווי אין נומער 84, 5.